וואָס דאָס וועט צוגעבן אין דער קביעות ותוקף פון אַלע פעולות פון די מוסדות, ובאופן פון מוסיף והולך ואור.

ועוד וגם זה עיקר: בכדי אַז די בנינים זאָלן אַרויסרופן נאָכמער הוספה ומרץ אין די פעולות פון מוסדות, אַז מ׳זאָל טאָן אַלע מערער און מערער (וואָס דאָס איז די כוונה פון שאַפן די בנינים) — איז אויף דעם אַן אײנפאַכע עצה, אַז מ׳זאָל שאַפן אַ בנין וועלכער איז גרעסער פון דעם וואָס מ׳דאַרף פּראַקטיש גלייך האָבן בהוה, וועט דאָס גופא אַרויסרופן פון יעדער אמת׳ער בעל־הבית און עסקן, אַז זעענדיק חדרים און צימערן אין דעם בנין וועלכע מ׳נוצט דערווײַלע ניט, איז אַ שאָד זיי לאָזן ליידיק, און מ׳וועט זוכן נייע עצות און נייע פעולות וועלכע מ׳קען טאָן און אויסנוצן אויך די „איבעריקע״ חדרים!

ביז אַז דאָס וועט אַרויסרופן, אַז בעתיד (הקרוב) זאָל מען דאַרפן צובויען נאָך חדרים, אָדער קויפן (בויען) אַ צווייטן בנין, א.א.וו.

ה. דערביי איז נוגע אונטערשטרייכן, אַז די אחריות וזכות אין דעם ליגט ניט נאָר אויף די הנהלות המוסדות און די שלוחים בכל מקום ומקום, נאָר אויך אויף די בעלי בתים און בעלי עסק אין די ערטער, און ניט נאָר אין אַן אופן אַז זיי העלפן אַרויס די מוסדות צו שאַפן און קויפן די בנינים, נאָר — זיי ווערן אין דעם שותפים, ע״ד די שותפות פון יששכר און זבולון[19].

ואדרבה: ווײַבאַלד אַז די בעלי בתים ובעלי עסק האָבן ערפאַרונג און האָבן מצליח געווען אין מאַכן געלט און שאַפן די מיטלען, און בעיקר — אין דער וועג ווי צו נוצן די מיטלען אויף אַ גוטן אופן און אויף גוטע זאַכן (משא״כ די מנהלי המוסדות האָבן ניט דעם זעלבן נסיון) — זיינען זיי נאָך מער מומחים צו מאַכן די החלטות, וועלכן בנין צו קויפן, די פּרייז וואָס מ׳דאַרף פאַר דעם צאָלן וכו׳ וכו׳.

נוסף לזה: די מנהלי המוסדות האָבן גענוג טרדות ווי צו שאַפן געלט פאַר זייערע פעולות הרגילות ובכלל הפעולות עד עתה, מוזען קומען כמה וכמה וועלכע וועלן זיך פאַרנעמען מיט די נייע פעולות, בויען און קויפן נייע בנינים.

ו. ע״ד ווי מוסדות דאַרפן באַשטימען דעם יאָר אַלס „שנת בנין״, עד״ז איז כדאי אַז אַזוי זאָל זיין אויך באַ יחידים, אַז יחידים אחד ואחת בעניניים שלו, אפילו בעניני רשות [וואָס אויך רשות נוצט אַ איד לשם שמים] — זאָל בויען (אָדער קויפן) נייע בנינים, אָדער פאַרברייטערן די בנינים וועלכע זיי האָבן שוין (צובויען חדרים וכיו״ב).

[ועד״ז איז דאָס אויך שייך צו טף — וועלכע קענען בעטן באַ די עלטערן צו מוסיף זיין (אָדער מרחיב זיין) אַ חדר, וכיו״ב].

נוסף צו דעם, אַז מ׳זאָל זיך משתדל זיין מאַכן פון זיין בית, פון זיין חדר, די אייגענע ד׳ אמות וכו׳ — אַ משכן ומקדש לה׳, „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״, דורך מאַכן דערפון אַ בית (וחדר של) תורה תפלה וצדקה.

כולל ובמיוחד — דורך צוקלאַפּן און צובויען אין שטוב (ומה טוב — אויך אין

19) זבולון לחוף ימים ישכון ויוצא לפרקמטיא בספינות ומשתכר ונותן לתוך פיו של יששכר והם יושבים ועוסקים בתורה כו׳ (פרש״י ברכה לג, יח).

קיך) א צדקה־פושקע, וועלכער מאכט די שטוב פאר א בית של צדקה (כמדובר לאחרונה בארוכה).

ז. זעלבסטפארשטאנדיק, אז דאס אלעם איז נוגע צו מוסדות ויחידים בכל מקום שהם, סיי אין חוץ לארץ, סיי בארץ.

אבער על אחת כמה וכמה אין ארץ הקודש, וואס דארטן האבן די בנינים נאכמער קביעות, ווייל זיי וועלן דארט בלייבן אויך נאך ביאת המשיח, משא"כ די בתים אין חוץ לארץ וועלן נעתק ווערן ממקומם און געצומען ווערן אין ארץ ישראל בגאולה העתידה[20].

ח. יש להוסיף, אז דער „שנת בנין" האט א שייכות מיוחדת צו ישיבות און תלמידי הישיבה,

ווארום דער ענין פון א „ישיבה" איז כשמה — א מקום קבוע ובהתיישבות אויף לימוד התורה.

וכמובן, אז דאס איז כולל סיי די ישיבה המרכזית, און סיי די סניפי הישיבה בכל מקום שהם. ואדרבה: ס'איז דאס א מעלה אין א סניף לגבי די ישיבה מרכזית, מצד דעם וואס בסניף איז ניטא קיין „שרגא בטיהרא", ס'איז דארטן דא די עבודה בכח עצמו. און נאכמער: די סניפי הישיבה גיבן נאך צו א הוספה וחידוש אין דער ישיבה המרכזית (ע"ד ווי מתלמידי יותר מכולם[21]).

האבן די תלמידי הישיבה די הוראה און נתינת כח מיוחדת אין דעם „שנת בנין" — לכל לראש, צו „אויפבויען" נייע תלמידים[22], ובמיוחד — צו פארשטארקען דעם זיין „נרות להאיר",

ועוד ועיקר: די ישיבות און סניפי הישיבה זאלן אויפעפענען נאך סניפים, און יעדער סניף — זאל צוגעבן נאך סניפים.

וואס דאס אלץ וועט צוגעבן נאכמער אין דעם תלמיד (דער נר להאיר) אליין און אין דער ישיבה המרכזית — ע"ד מתלמידי יותר מכולם.

ט. די הוספה אין די אלע פעולות, און במיוחד אין באשטימען דעם יאר אלס „שנת בנין" — וועט זיכער צוגעבן אין ברכת ה' פאר א חתימה וגמר חתימה טובה צו יעדער אידן בתוך כלל ישראל.

ביז אז דאס וועט נאכמער ממהר זיין דער בנין בית העיקרי — בית המקדש השלישי, מקדש אד' כוננו ידיך[23], בגאולה האמיתית והשלימה, ביז אז מ'וועט זען בגלוי ווי די גאנצע וועלט איז א דירה (בית קבוע) לו יתברך.

און מ'וועט אלע צוזאמען פראווען דעם חג הסוכות ושמע"צ ושמח"ת, בשמחה גדולה, ובשמחת עולם על ראשם[24].

20) מגילה כט, א.
21) תענית ז, א.
22) והרי כל המלמד את בן חבירו תורה מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו (סנהדרין יט, ב. פרש"י במדבר ג, א).
23) בשלח טו, יז ובפרש"י.
24) ישעי' לה, י. נא, יא.



# ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א לאנשי כפר חב"ד
# בעת מסירת האתרוגים ע"י באי כח הכפר שיחיו
## – יום א', ערב חג הסוכות ה'תשמ"ט –

דער אויבערשטער זאָל אייך און כבנ"י שי' מצליח זיין, אַז עס זאָל זיין ברכת השנים לטובה ולברכה, וואָס זי איז פאַרבונדן מיט די ד' מינים, ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו ברענגט[1], „שכל השנה באמרו בשמונה עשרה [בברכת השנים] ואת כל מיני תבואתה לטובה צריך לכוון לחטים למצה ואתרוג . . ואז במילא תהי' כל התבואה לטובה", ד.ה. אַז דורך אתרוג (ד' מינים) און מצה איז מען ממשיך טובה בכל התבואות ובכל השנה („כשנים הטובות לברכה").

וואָס דורך דעם ווערט אויך נמשך אַ הוספה בברכתו של הקב"ה ביתר שאת וביתר עוז, אַז נוסף צו דער חתימה וגמר חתימה טובה בכל הברכות וההשפעות וואָס זיינען שוין דאָ — קומט אין דעם צו נאָכמער ברכה, וויבאַלד אַז עס קומט צו אין קיום המצוות פון אידן („מצה ואתרוג", כנ"ל),

וואָס דאָס איז כולל המשכת כל ההמשכות וההשפעות, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, בכל השנה כולה,

ביז דעם ענין העיקרי — עס זאָל זיין אַ שנת גאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש,

וואָס דעמולט וועט מקויים ווערן בשלימות „ונתנה הארץ יבולה ועץ השדה יתן פריו"[2], מיט אַלע דרשות חז"ל בזה,

צוזאַמען מיט „ונתתי גשמיכם בעתם"[2], כולל פירוש הבעש"ט[3], אַז די גשמיות* וועט זיין „בעתם", סיי „בעתם" פון די גשמיות און סיי „בעתם" פון למעלה, ושניהם יחד ווערן אַן איין און איינציקע „עת"[4], וויבאַלד דאָס איז אַן עת רצון באתערותא דלעילא [וכמבואר אין דער חסידישער פרשה (דאזלינן מינה)[5], אַז דער אויבערשטער גיט אידן באופן ד„טל"[6] — „כטל מאת הוי'"[7] — וואָס איז אַ המשכה וואָס קומט באתערותא דלעילא].

וכל זה זאָל אויך צוגעבן כח אין מוסיף זיין אין אַלע ענינים, אַנהויבנדיק פון שמחת בית השואבה, המתחילה פון די ימים הראשונים פון סוכות (וואָרום

---

1) „היום יום" יט תשרי.

2) בחוקותי כו, ד.

3) להעיר מכתר שם טוב (הוצאת קה"ת) סו"ס רז' (ובארוכה יותר אור"ת להה"מ פ' בחוקותי). וראה רמב"ן עה"פ.

4) להעיר מאוה"ת בחוקותי (כרך ד' ע' איקעג).

5) לקו"ת האזינו בתחלתה.

6) תענית ד, א. — אע"פ שכנס"י שאלה שלא כהוגן ויבא כגשם לנו (הושע ו, ג. תענית שם).

7) מיכה ה, ו.

---

*) בכש"ט לפנינו „נשמות". אבל לכאורה הוא טה"ד, וצ"ל „גשמיות". וכמפורש באו"ת שם (מד, א) „הגשמים והחומריים". ע"ש.

היות אַז ס'איז נאָך ניט אַראָפּ דער ביהמ"ק העליון, פראַוועט מען שמחת בית השואבה אויך בימים הראשונים), און דערנאָך די שמחה פון שמיני עצרת און שמחת תורה,

ובכל ענינים אלו — באופן פון מוסיף והולך ואור, מיט בריאות הגוף ובריאות הנשמה ובריאות כל בני הבית ובריאות כל בני ישראל, און בריאות פון גאַנץ סדר השתלשלות, ביז באופן פון לתקן עולם במלכות שד"י,

און דאָס איילט צו נאָכמער די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו במהרה בימינו ממש.

איר זאָלט האָבן אַ פריילעכן יום טוב, און אַ פריילעכן „ושמחת בחגך", און הלוך והוסיף ואור בשמחה ובאור, און אויך אין דעם „עת לבנות", ווי גערעדט לאחרונה כמה פעמים אַז מ'זאָל בויען בנינים רוחניים און בנינים גשמיים ושניהם גם יחד, צוזאַמען מיט — והוא העיקר — בנין בית המקדש השלישי, מקדש אד' כוננו ידיך[8].

אַ יישר כח פאַר די ד' מינים, און דורך כפר חב"ד זאָל ניתוסף ווערן נאָכמער ברכה אין גאַנץ ארץ הקודש, אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה[9], און מתמצית ארץ ישראל שותה כל העולם[10] — ווערט דורך דעם אַ הוספה בכל העולם כולו בכל ענינים האמורים.

איר זאָלט ממשיך זיין אַלע המשכות, און עס זאָלן זיין בשורות טובות.

8) בשלח טו, יז. פרש"י עה"פ.
9) עקב יא, יב.
10) תענית י, רע"א.



## משיחות ש"פ בראשית, מבה"ח מרחשון ה'תשמ"ט

א. ס'איז באוואוסט דער וואָרט פון רבותינו נשיאינו, אַז אַזוי ווי מ'שטעלט זיך שבת בראשית, אַזוי גייט אַ גאַנץ יאָר[1].

וואָס דאָס איז אויך מתאים מיט דעם זמן פון שבת בראשית בשנה — דער לעצטער שבת פון חודש תשרי, ווען עס ווערט די עלי' ושלימות (ויכולו[2]) פון דעם סיום המועדים פון חודש תשרי (שמיני עצרת ושמחת תורה, וועלכע קלייבן צוזאַמען און ברענגען אַריין אין אַ פנימיות אַלע ימים טובים פון חודש תשרי[3]), אותיות רשית[4], על מנת אַז דערפון זאָל נמשך ווערן אויף דעם גאַנצן קומענדיקן יאָר, וכידוע אַז די מועדים שבחודש תשרי (המרובה במועדות[5]) זיינען מועדים כלליים פון וועלכע עס ווערט נמשך אויף דעם גאַנצן יאָר[6]; ובמיוחד ווערט עס נמשך דורך שבת בראשית, וועלכע איז אויך שבת מברכים חודש מר־חשון, ווען עס הויבט זיך אָן בעיקר די עבודה פון „ויעקב' הלך לדרכו"[7], ווען יעדער איד גייט אַריין אין דעם געוויינלעכן טאָג טעגלעכן לעבן פון דעם נייעם יאָר נאָך די אַלע ימים טובים פון חודש תשרי, אויף דורכפירן זיין פערזענלעכע עבודה און שליחות אין וועלט, איש תחת גפנו ותחת תאנתו[9].

און ווי ס'איז מרומז אויך אין דעם נאָמען פון שבת בראשית, וואָס מיינט בפשטות — אין אָנהויבס, דער אָנהויבס פון דעם נייעם יאָר.

וואָס דאָס איז אויך דער תוכן פון „בראשית":

ווען מ'לייענט פרשת בראשית ווערט באַנייט דער באַשאַף פון דער גאַנצער בריאה (בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ) פון דעם נייעם יאָר — בריאת כל העולם, כולל ובמיוחד — בריאת האדם, וואָס תכליתה איז „לעבדה ולשמרה"[10], אני נבראתי לשמש את קוני[11].

ואסתכל באורייתא וברא עלמא[12] —

---

1) לקו"ש ח"ב ע' 449. ח"ב ע' 556. וש"נ. וראה שיחת שבת בראשית תש"ה (ספר השיחות תש"ה ע' 65) בשם אדה"ז: די הארה פון שבת בראשית איז מאיר בכל שבתות השנה. וראה גם שיחת י"ד תשרי ה'שי"ת (סה"מ תשי"א ע' 59).

2) פרשתנו ב, א. אוה"ת עה"פ (כרך א מב, ב ואילך. כרך ג תקת, א ואילך).

3) ראה רד"ה ביום השמע"צ תרנ"ט. תש"מ (סה"מ — מלוקט ח"א ע' שסג). וש"נ.

4) בעל הטורים עה"פ עקב יא, יב. אוה"ת סוכות ע' א'תשנו. סה"מ תר"ל ע' רפז. תרנ"ו ע' רעז.

5) ראה ב"י או"ח סתצ"ב (ד"ה ומ"ש). שו"ע אדה"ז שם ס"ב. הוספה לשו"ע אדה"ז (להר"נ מדובראַוונע) או"ח סקל"א ס"ח.

6) סה"מ תקס"ו ע' שעט. אוה"ת סוכות שם. ברכה ע' א'תתסו. סה"מ תרנ"ד ע' לו. תרנ"ו ע' רעח. תש"ב ע' 49.

7) לשון הכתוב — ויצא לב, ב. סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 9. וש"נ.

8) ראה שיחת מוצאי שבת בראשית תשל"ח (לקו"ש ח"כ ע' 267 ואילך). וראה שיחת שבת בראשית תשי"א (לקו"ש ח"ב ע' 449 ואילך).

9) לשון הכתוב — מ"א ה, ח.

10) פרשתנו ב, טו.

11) משנה ובריי̇תא סוף מס' קידושין.

12) זח"ב קסא, סע"א ואילך.

„דער וועלט בראשית"[13] הויבט זיך אן דערפון וואס פ' בראשית איז „דער תורה ראשית"[13], דעמולט הויבט זיך אן קריאת כל ה(פרשיות שב)תורה, מיט וועלכע מ'דאַרף לעבן במשך דעם גאַנצן נייען יאָר.

קומט אויס, אז שבת בראשית איז דער ראשית ומקור אויף דער עבודה במשך כל השנה כולה.

עפ"ז איז פאַרשטאַנדיק, אז פון די ענינים וואָס רעדן זיך אין פ' בראשית קען מען זיך אָפּלערנען בנוגע צו דער עבודה פון דעם יאָר.

ב. היינטיקער יאָר טיילט זיך אויס דערמיט וואָס עס איז אַן עיבור־יאָר, וועלכע ווערט אָנגערופן אין תורתנו הקדושה[14] „שנה תמימה".

דער באַדייט דערפון האָט מען שוין גערעדט מערערע מאָל[15]:

אַ שנת העיבור קומט אויסגלייכן דעם חסרון פון אַ שנת הלבנה לגבי אַ שנת החמה (וועלכע איז בערך עלף טעג לענגער פאַר דעם לבנה־יאָר)[16], אַ חסרון וואָס איז געקומען צוליב דעם קטרוג הלבנה („אי אפשר לשני מלכים שישתמשו בכתר אחד"), וואָס דאָס האָט געבראַכט צו מיעוט הלבנה (אַז דער אויבערשטער האָט געזאָגט דער לבנה „לכי ומעטי את עצמך")[17],

פונדעסטוועגן האָבן אידן דעם כח צו מתקן ומשלים זיין דעם חסרון, דורך צו־געבן (יעדערע צוויי־דריי יאָר) אַ חודש העיבור; און נאָכמער: דורך דעם (הוספת חודש העיבור) זיינען אידן מוסיף נאָכמער ווי דעם חסרון, ווייל מ'גיט צו ניט בלויז עלף טעג (דער חסרון אין אַ שנת הלבנה לגבי אַ שנת החמה), נאָר אַ פולן חודש (פון דרייסיק טעג), וואָס מאַכט אַז דער יאָר זאָל האָבן אַסך מערערע טעג פון געוויינלעכע יאָרן (סיי פון אַ שנת החמה ועל אחת כמה וכמה פון אַ שנת הלבנה) — אַ „שנה תמימה".

דערפון איז פאַראַן אַן אָנווייזונג פאַר אידן — וואָס ישראל דומין ומונין ללבנה[18]: אין דעם יאָר באַקומט מען ספּעציעלע כחות צו מתקן זיין און משלים זיין די עבודה וואָס איז ביז איצ־טער ניט געווען בשלימות. ביז אַז מ'האָט דעם כח צו מוסיף זיין אין דעם נאָכמער ווי ס'האָט פריער געפעלט, אַזוי אַז עס זאָל ווערן אַן עבודה תמימה.

ובכללות — איז דאָס דורך דער עבודה פון תשובה, וואָס איז ניט בלויז מתקן ומשלים דאָס וואָס האָט פריער געפעלט, נאָר דורך תשובה קומט אויך צו אַ הוספה וחידוש ושלימות אין דער עבודה, מער ווי ס'איז געווען פריער (פאַר דעם חסרון).

און וויבאַלד אַז די וועלט איז באַ־שאַפן געוואָרן בשביל ישראל[19] — איז דורך דער עבודה פון אידן האָבן זיי

13) ראה סה"מ תשי"א ע' 59.

14) בהר כה, ל. ערכין לא, א (במשנה). רמב"ם הל' שמיטה ויובל פי"ב ה"ה. וראה אוה"ת להצ"צ (יהל אור) לתהלים יט, ח (ס"ד וס"ח — ע' סז־ח).

15) ראה מכתב ו' תשרי שנה זו. ועוד.

16) רמב"ם ריש הל' קידוש החודש (פ"א ה"ב).

17) חולין ס, ב. וראה פרש"י פרשתנו א, טז.

18) סוכה כט, א. ב"ר פפ"ו, ג. זח"א רלו, ב. וראה סה"מ תקס"ז ע' מח ואילך. אוה"ת בראשית ד, סע"ב ואילך.

19) פרש"י ריש פרשתנו.

אויך בכח צו מתקן ומשלים זיין און מוסיף זיין אין וועלט, אין זמן ומקום (גדר העולם[20]), צו ממלא זיין דער חסרון הזמן פון אַ שנת הלבנה.

ועפ"ז הנ"ל, אַז ווי מ'שטעלט זיך שבת בראשית אַזוי גייט עס אַ גאַנץ יאָר, איז מובן, אַז פון פ' בראשית קען מען אַרויסנעמען אַ לימוד בנוגע צו דער עבודה באופן של הוספה ותמימות פון דעם שנת העיבור.

ג. אין (אָנהויבס) פ' בראשית[21] ווערט דערציילט ווי דער אויבער־שטער האָט באַשאַפן די גאַנצע וועלט און אירע באַשעפענישן אין די ששת ימי בראשית, ובסיומם[22] — וועגן בריאת אדם הראשון וחוה ביום השישי, און דערנאָך (לאחרי סיום הענין וועגן די ששת ימי בראשית און ויכולו השמים גו' ביום השביעי[23]) — וועגן דעם ציווי לאדם וחוה אַז "מעץ הדעת טוב ורע לא תאכל"[24], און ווי זיי האָבן דערנאָך עובר געווען אויפן חטא עץ הדעת[25], וואָס דאָס האָט געבראַכט די עונשים[26], ביז אַז זיי זאָלן אַרויסגעטריבן ווערן פון גן עדן[27].

שטייט אין גמרא[28], אַז אויך די זאַכן — דער ציווי צו ניט עסן פון עץ הדעת, דער חטא בפועל, דער דין ועונש על זה, און דער גירוש פון גן עדן — האָבן אַלע פּאַסירט ביום השישי: "שתים עשרה שעות הוי יום שעה ראשונה הוצבר עפרו[29] כו' תשיעית נצטווה שלא לאכול מן האילן, עשירית סרח, אחת עשרה נידון, שתים עשרה נטרד והלך לו"[30].

דאַרף מען פאַרשטיין: לאחרי דעם סיפור המאורעות פון יום הששי שטייט אין פסוק[31] "וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד ויהי ערב ויהי בוקר יום הששי". שטעלט זיך די שאלה: ווי קען מען זאָגן אַז דער חטא עץ הדעת און דער דין ועונש על זה (די קללות) וגירוש מגן עדן (וואָס איז אַלץ געווען ביום הששי) איז "טוב מאד" — די אַלע זאַכן (דער חטא וכו') זיינען דאָך דער תכלית ההיפך פון טוב ועאכו"כ פון "טוב מאד"[32]?!

20) שעהיוה"א פ"ז.

21) שקורין גם ביום שמחת תורה (סיום המועדים דחודש תשרי), שמתעלה בשבת זו, כנ"ל בפנים.

22) א, כו ואילך.

23) ב, א־ג.

24) שם, טז־יז.

25) ג, א ואילך.

26) שם, טז־יט.

27) שם, כג־כד.

28) סנהדרין לח, ריש ע"ב.

29) גם בהמה ורמש וחית הארץ נבראו ביום הששי ולא פרט בהם באיזה שעה ביום ואפשר דבלילה נבראו כו' (חדא"ג מהרש"א שם).

30) ולהעיר מדעת רבנן שהגירוש מגן עדן הי' במוצאי שבת (ולא ביום הששי) — יל"ש תהלים רמז תשנח.

31) א, לא.

32) לכאורה הי' אפשר לתרץ ש"וירא אלקים את כל אשר עשה" (שעל זה כתיב "והנה טוב מאד") קאי על מעשה בראשית [וכמו "מלאכתו אשר עשה" לקמן ב, ב], ולא על העונשים וכו' שהיו בגלל חטאו של האדם. אבל תירוץ זה אינו מספיק כלל שהרי גם הנחש (הי' ערום בבריאתו) בכלל זה. ולאחרי שהאדם חטא, הרי נתגלה כבר שגם האדם (מעשיו של הקב"ה) אינו טוב, ואין שייך לומר אז* ש"כל

*) ואף שגם לפי פשטות הכתובים שחטא עה"ד הי' **לאחרי** יום הששי (כלדקמן בפנים) פשוט שהקב"ה ידע מקודם **שעתיד** האדם לחטוא — אין זה סתירה ל"כל אשר עשה והנה טוב מאד", כי הרע נעשה אח"כ. (וראה פרש"י לקמן ו, ו "בשעת חדותא חדותא, בשעת אבלא אבלא"). משא"כ לפי הגמרא שחטא עה"ד הי' ביום הששי — צריך ביאור **לאחרי** שהאדם חטא בפועל, היאך יתכן לומר אז "טוב מאד".

און ניט נאָר היפך הטוב בזמן ההוא, נאָר די תוצאות בלתי רצויות פון דעם חטא ועונש וגירוש מגן עדן זיינען פאַראַן און נמשך בכל הדורות[33] עד היום הזה (אָנהויבנדיק פון דעם ענין המיתה בעולם וואָס איז געקומען צוליב דעם חטא, ועד"ז צער עיבור וצער לידה, און דער עונש „בזיעת אפיך תאכל לחם"[34] וכו')!

[ויש לומר אַז צוליב דעם טעם קען מען ע"ד הפשט טאַקע ניט לערנען אַז דער חטא וגירוש כו' איז געווען ביום הששי[35] — ווייל מ'קען אויף דעם ניט זאָגן „טוב מאד", נוסף לזה (וגם זה עיקר) אַז אין דער סדר המקראות שטייען די אַלע זאַכן (דער ציווי ניט צו עסן פון עה"ד און דער חטא וגירוש מגן עדן) אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך, נאָכדעם „וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד", און נאָך „ויכולו גו' ביום השביעי גו'" — איז ע"ד הפשט פאַרוואָס זאָל מען בייטן דעם סדר און זאָגן אַז די אַלע זאַכן (וואָס זיי זיינען אַ ריבוי ענינים וואָס דאַרפן נעמען אַ ריבוי זמן (אַסך מער ווי עטלעכע טעג) ע"ד הטבע[36]) זיינען געווען ביום הששי פאַר יום השביעי (חוץ פון די ערטער וואו רש"י זאָגט בפירוש[37] אַז די מאורעות זיינען געווען פריער ביום הששי[38]), ואדרבה — ס'איז כנ"ל, לגמרי ניט מס־תבר אַז דאָס אַלעס איז געווען ביום הששי וועלכער סיום און ענדע איז „טוב מאד", כנ"ל.

משא"כ די גמרא — לימוד ע"ד הדרש, ההלכה, האגדה וכו' (וואָס איז ניט געבונדן צו פירוש הכתובים ע"ד הפשט) — לערנט אַז דער חטא און די עונשים על זה זיינען געווען ביום הששי].

ד. ויש להוסיף עוד יותר בביאור אין דרשת חז"ל[39] עה"פ והנה טוב מאד — „טוב זה יצר טוב, מאד זה יצר הרע", „טוב זה מלאך החיים, מאד זה מלאך המות", און ווי „בתורתו של מאיר מצאו כתוב והנה טוב מאד, והנה טוב מות"[40].

אין וואָס באַשטייט דער „טוב מאד" פון דעם יצה"ר און מלאך המות, „וכי יצר הרע טוב מאד הוא אתמהא"[41], „וכי אשר עשה" הוא טוב מאד? וגם בנוגע לעה"ד צ"ע כמובן.

33) ועד שהמלאך לא רצה ליתן לריב"ל ליכנס לג"ע משום הגזירה דויגרש את האדם גו' וישכן מקדם לגן עדן את הכרובים ואת להט החרב המתהפכת לשמור את דרך עץ החיים (כתובות עז, ב).

34) ג, יט.

35) ומ"ש רש"י עה"פ לרוח היום (פרשתנו ג, ח) „והם סרחו בעשירית" (כלשון הגמרא שם) — יש לפרש שממ"ש „לרוח היום" רק מוכרח (ע"ד הפשט) שהי' זה בשעה עשירית, אבל אין הכרח שזה הי' ביום הששי. וכמדובר כמ"פ, שגם לשונות חז"ל בפרש"י הוא לא משום שכך נאמר בחז"ל, כ"א מפני שזהו הפירוש המוכרח ע"ד הפשט. ועפ"ז מובן, שאפ"ל שרש"י משנה מפירוש חז"ל (אפילו כשמביא לשון זה מחז"ל) בהתאם לפירוש הכתובים ע"ד הפשט.

36) כולל שע"פ פשטות הנחש בדיבורו אל חוה לא פעל עלי' ברגע כמימרא, כ"א לאחר שהיית זמן!

37) שמזה גופא מוכרח, שבשאר המקומות שרש"י אינו מפרש שמקומם הוא לעיל ביום הששי — לא אירעו ביום הששי. וראה גם פרש"י שם ג, א. שם, כ.

38) כמו הפרטים דבריאת חוה (פרש"י א, כז), והפרטים דבריאת חיות השדה ועוף השמים וקריאת כל השמות ע"י אדם (פרש"י ב, יט).

39) זח"א יד, א. ועוד. ב"ר פ"ט, ז. שם, י. ובחידושי רד"ל שם (כמה גירסאות בזה).

40) ב"ר שם, ה.

41) ל' ב"ר שם, ז: י.

מלאך המות טוב הוא אתמהא"[41], אפילו ניט טוב סתם ועאכו"כ ניט טוב מאד[42].

שטייט אויף דעם דער ביאור אין חסידות[43]: דורך דעם ענין החטא וואָס קומט מצד דעם יצר הרע דערגרייכט מען צו דער מעלה פון תשובה, וואָס איז מהפך זדונות לזכיות[44], אתהפכא חשוכא לנהורא.

וואָס דורך דעם ווערט אויפגעטאָן „טוב מאד", מער פון דעם טוב פון דעם יצר טוב — וכידוע אַז במקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אין יכולים לעמוד שם[45], ווייל דורך הפיכת זדונות לזכיות ע"י התשובה ווערט אַ יתרון האור מן החושך, און אויך די עבודה עצמה איז מיט מער חיות ותגבורת, בחילא יתיר כו'[46].

ועד"ז יש לומר דער ביאור בנוגע דעם חטא עה"ד וכו' וואָס איז געווען ביום הששי (כפירוש הגמרא הנ"ל) — אַז דער „טוב מאד" אין דעם איז דורך דער תשובה וואָס קומט אַרויס דערנאָך במשך הזמן ע"י התשובה שעל החטא.

ווייל: די גאַנצע כוונה פון בריאת היצר הרע (הנחש כו') איז בכדי דער מענטש זאָל צוקומען צו דער מעלה פון תשובה, וואָס איז מהפך דעם רע לטוב, אַזוי אַז עס בלייבט ניט איבער קיין רושם פון די זדונות, ואדרבה זיי ווערן אינגאַנצן נהפך צו זכיות, און עס בלייבט נאָר דער „טוב מאד" שבזה.

[ועפ"ז יש לומר עוד כוונה בדעת רבי עקיבא [וואָס ענינו איז עבודת התשובה] אַז בא מתן תורה, האָבן אידן געענטפערט „על הן הן ועל לאו הן"[47], ווייל דורך תשובה טוט מען אויף און מ'איז מגלה דעם „הן", די טוב (חיוב) וואָס איז דאָ אין דעם „לאו"[48]].

ועפ"ז יש לומר דער טעם פאַרוואָס דוקא ביום הששי שטייט „טוב מאד": אין די ערשטע חמשה ימים זיינען אַלע נבראים באַשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבערשטן אין אַן אופן פון „על מליאתו נברא"[49], בתכלית הטוב והשלימות, ווי עס שטייט בכל יום „וירא אלקים כי טוב": אָבער דאָס איז אַ טוב וואָס איז אַזוי באַשאַפן געוואָרן מלכתחילה, מצד למעלה, משא"כ ביום הששי איז באַשאַפן געוואָרן דער אדם מיט אַ יצר הרע, וואָס כוונתו איז בכדי ברענגען צו מעלת התשובה, וואָס טוט אויף דער יתרון האור, „טוב מאד", וע"ד די מעלה פון עבודת התשובה לגבי עבודת הצדיקים.

און וויבאַלד אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן צוליב דעם אדם, איז דורך דעם „טוב מאד" ע"י תשובת האדם, טוט זיך אויף „טוב מאד" בכל

---

42) כמו שהקשה בלקו"ת נשא כח, ג.

43) תו"א סט, ד. לקו"ת במדבר יט, סע"א. נשא שם. ועוד.

44) יומא פו, ב.

45) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. מברכות לד, ב.

46) ראה לקו"ת נשא שם.

47) מכילתא יתרו כ, א.

48) והביאור בזה: מכיון שכל פרטי העבודה הם קיום רצון ה' אחד, הרי העבודה עצמה צ"ל בהתאם ל(רצון ה' שהוא מגלה) מציאותו של הקב"ה, שהוא אחדות הפשוטה. ולכן, בכל פרטי העבודה, הן בקו דמצות עשה והן ל"ת, הן עבודת הצדיקים והן עבודת התשובה (אתהפכא) — צ"ל נרגש אחדות אמיתית, שכל פרט בעבודה הוא „הן" — קיום רצון ה', וגם בעצם העבודה נרגש רק הטוב וחיוב שבזה.

49) ב"ר פי"ד, ז. וראה שם פי"ב, ו. פי"ג, ג (וביפ"ת שם).

העולם — דעריבער ווערט דורך דעם — „כל אשר עשה" אלקים „טוב מאד".

ה. פון דעם ענין אין פ' בראשית האט מען אויך א לימוד בנוגע צו דעם שנת העיבור, שנה תמימה — ע"פ המבואר אין ספרים[50] אז דער ענין פון מיעוט הירח[51] (וואס צוליב דעם דארף מען אנ־קומען צו א שנת העיבור) איז פאר־בונדן מיטן חטא עץ הדעת:

די כוונה אין מיעוט הירח (ע"ד ומעין ווי אין בריאת הנחש והיצה"ר) איז בכדי אז דורך דעם זאל מען צוקומען צו א העכערער שלימות ותמימות, אזוי ווי אין א שנת העיבור וועלכע האט מער טעג ווי א געוויינלעכער יאר. ובעבודה — עבודת התשובה (אויף א מיעוט וחסרון בישראל הדומין ומונין ללבנה) וועלכער ברענגט צו „טוב מאד", נאך העכער פאר עבודת הצדיקים.

והענין:

דער ענין ההוספה והתמימות (עיבור השנה) בעבודת ה' קען זיין בכללות אויף צוויי אופנים:

(א) הוספה ותמימות בעבודת הצדי־קים — ווי דאס איז מצד סדר הבריאה, אדם ישר הולך. ער איז מוסיף אויף זיין עבודה הרגילה, ביז אז ער טוט עס אין אן אופן פון תמימות — „תמים תהי' עם ה' אלקיך"[52], „דהיינו ע"י המצות אזי תהי' תמים ושלם בכל אברי הנפש כו', משא"כ אם חיסר מצוה א' או פגם בה כו'"[53].

(ב) הוספה ותמימות וואס ווערט דורך עבודת התשובה. כולל אויך אז אויך לאחרי ווי א מענטש איז באגאנגען א חטא (וואס אלע חטאים נעמען זיך פון דעם חטא הראשון — חטא עה"ד) און עס ווערט א חסרון ופגם לפי שעה אין זיין תמימות (מעין וע"ד ווי דער מיעוט הלבנה, וואס ישראל דומין ומונין ללבנה), טוט ער תשובה, און די תשובה (וועלכע איז העכער פאר מצוות) איז ממלא דעם פגם וחסרון[54], ביז נאכמער — אז תשובה איז מהפך זדונות לזכיות.

ועפ"ז איז מובן, אז דורך תשובה ווערט אויפגעטאן שלימות אין ענין הת־מימות (אופן פון „טוב מאד"), העכער ווי די תמימות במצוות ע"י עבודת הצדיקים (וואס איז נאר טוב, טוב שמצד הבריאה). ובפשטות: מצד עבודת הצדי־קים בלייבט נאך אן אפשריות אויף אן ענין הפכי (אע"פ וואס די תמימות בפועל איז בתכלית השלימות). דורך תשובה (וואס במקום שבעלי תשובה עומדים צדיקים גמורים אין יכולים לעמוד שם) וועלכע איז מתקן די פגמים כו' און איז מהפך די זדונות לזכיות — איז מען מבטל די גאנצע אפשריות לזה, במילא ווערט עס שלימות בתכלית אין תמימות, דאס נעמט אים דורך אינ־גאנצן, און עס בלייבט ניט קיין זאך וואס איז ניט תמים בעבודתו.

ולהוסיף, אז די דרגא אין תמימות איז אויך שייך בא צדיקים, אויך ביי אזא וואס האט קיינמאל ניט עובר געווען

---

50) ראה ע"ח שער מיעוט הירח. ד"ה על כן יאמרו תרצ"א. ובכ"מ.

51) להעיר שהקביעות דבדר"ח חשון (א' חשון) בשנה זו הוא — ביום רביעי בשבוע, שבו נתלו המאורות (פרשתנו א, טז) ובו הי' מיעוט הירח (ראה ע"ח שם פ"ב).

52) שופטים יח, יג.

53) לקו"ת נצבים מה, ג.

54) לקו"ת שם ואילך.

אויף אַ חטא — כידוע[55] אַז אמיתית ענין התשובה איז „והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה"[56]; און וויבאַלד אַז „התשובה היא בלב והלב יש בו בחי' ומדרגות רבות כו'"[57], ובפרט אַז אַ מענטש האַלט אין איין וואַקסן, וואָס דאָס איז כולל אַז זיין לב און זיינע געפילן אין האַרץ כו' וואַקסן, ועאכו"כ אַז זיין נפש ונשמה וואַקסן שטענדיק — איז זיין פריערדיקע עבודה בתמימות „פּאַרדעקט" ניט און נעמט ניט אַרום אַלע זיינע צוגעקומענע און נייע־אַנטוויקעלטע כחות און געפילן כו', דערייבער פאַדערט זיך איצטער (לויט זיין איצטיקן פאַרגרעסערטן מצב) אַ נייע העכערע דרגא אין תמימות (און לגבי די נייע דרגא — איז די פריערדיקע תמימות אַ חטא מלשון חסרון, כאָטש אַז לגבי זיין פריערדיקע מעמד ומצב איז די פריערדיקע עבודה געווען בשלימות התמימות).

ו. דערפון האָט מען אויך אַ לימוד כללי בעבודת ה', וועלכע שטייט בהדגשה אין אַ שנה תמימה (שנה מעוברת), אָנהויבנדיק ווען מ'קומט פון שבת בראשית און מ'גייט אַריין (פון חודש תשרי המרובה במועדות) אין וועלט צו טאָן די עבודה פון דעם יאָר — „ויעקב הלך לדרכו":

„ויעקב הלך לדרכו" רעדט זיך וועגן הליכת יעקב פון חרן צוריק אין ארץ ישראל. און גייענדיק אין וועג, דערציילט דער פסוק, „ויפגעו בו מלאכי אלקים"[58], מלאכי ארץ ישראל יצאו לקראתו ללותו לארץ ישראל, די מלאכי חוץ לארץ וועלכע זיינען מיטגעגאַנגען מיט אים זיינען געגאַנגען ביז דעם גרעניץ פון ארץ ישראל[59].

דער לימוד דערפון:

נאָך חודש תשרי הויבט זיך אָן דער „ויעקב הלך לדרכו" פון יעדער איד (וואָס יעקב גייט אויף יעדער איד[60]), ער „לאָזט זיך אַרויס" אין וועג גיין טאָן זיין עבודה אין עניני חוץ לארץ[61], וואָרום מ'געפינט זיך נאָך אין גלות, אָבער זיין כיוון המהלך איז קיין ארץ ישראל — די גאולה האמיתית והשלימה.

און זיין עבודה דעמולט באַשטייט פון צוויי ענינים: די שליחות (מלאך בפירושו שליח) אין עניני „ארץ ישראל", ארץ הקודש, ובכללות — די עבודה אין לימוד התורה וקיום המצוות, עניני קדושה, וועלכע זיינען טוב מצ"ע, ובזה גופא — שטענדיק מוסיף זיין און גיין מחיל אל חיל אין קדושה עצמה. וביחד עם זה, די שליחות (מלאכי) אין חוץ לארץ, ד.ה. דער בירור פון חלקו בעולם, וואָס איז דערווייל נאָך ניט בדרגת „ארץ הקודש". אָבער — דוקא דורך דאָרטן אַריינברענגען קדושה, ווערט אויפגעטאָן נאָך אַ העכערער טוב — „טוב מאד", תמימות בשלימות.

ובפרטיות — אין יעדער מענטשן אַליין: אַ איד איז באַשאַפן געוואָרן מיט אַ לב אחד וועלכע האָט צוויי חללים, דער חלל הימני, וואו עס רוט זיין נפש

55) לקו"ת ר"פ האזינו. ובכ"מ. וראה (בנדו"ד) לקו"ת במדבר יט, ריש ע"ב.

56) קהלת יב, ז.

57) תניא פכ"ט (לו, ב).

58) ס"פ ויצא.

59) פרש"י שם.

60) ראה אגה"ק ס"ז.

61) כפשטות הענין, שלאחרי הליכת יעקב בדרך התחיל עבודת הבירורים עם עשו אחיו, כמסופר בפ' וישלח. וראה לקו"ש חט"ו ע' 260.

האלקית, און דער חלל השמאלי, וואו עס געפינט זיך זיין נפש הבהמית.

קען א איד לכאורה האבן א טענה: וואס מאנט מען פון אים — ווען מ'האט אים לכתחילה באשאפן אויך מיט א נה"ב שבחלל השמאלי (ווארום מדת כל אדם איז מדת הבינוני (און ניט צדיק) וועלכע איז באשאפן געווארן מיטביידע נפשות, כמבואר בתניא[62])?

זאגט מען אים, אז די כוונה אין בריאת חלל השמאלי, איז בכדי עס זאל צו־קומען די מעלה פון אהבת ה' „בכל לבבך — בשני יצריך"[63], אתהפכא חשוכא לנהורא, וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן „טוב מאד" ושלימות התמימות, מער ווי דער טוב פון דער עבודה מיט דעם חלל הימני פאר זיך.

ועד"ז בנוגע צו דער עבודה מיט אנ־דערע אידן, דארף מען זיך ניט באַ־נוגענען מיט צוגעבן א הוספה ותמימות ביי אידן וועלכע זיינען שוין אויף א (הויכע) דרגא, שלימות התמימות איז דוקא בשעת מ'טוט עס אויף אויך ביי א איד וועלכער דארף מצ"ע נאך אנ־קומען צו כפרה, ביז א איד וועלכן ער טרעפט גייענדיק „בדרכו", דרך העולם, ניט בשעת לימוד התורה וקיום המצוות — און אויפטאן אז ער זאל תשובה טאן, און צוקומען צו „טוב מאד", תמימות בתכלית השלימות.

ז. די עבודה הנ"ל פון „ויעקב הלך לדרכו" וואס שטייט בהדגשה אין דעם יאר וועלכע איז א שנה תמימה — דריקט זיך אויס במיוחד אויך אין דעם וואס מ'האט מוסיף וקובע געווען דעם יאר אלס א „שנת בנין" און „שנת הילד והילדה":

צו בויען (אדער קויפן) נייע בנינים אין וועלט, כל אחד ואחת במקומו וב־חלקו בעולם. ווי אנגעוויזן אויך אין היינטיקע פרשה — „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ גו' ברא אלקים לעשות[64] האדם בהם[65] ע"י מחדו"מ שלו, דאס גיט אריין כח אז יעדער איד לעשות אין די ענינים וואס ער דארף ברוחניות, ובעיקר — בגש־מיות.

וואס דאס ברענגט אז נוסף צו דער הוספה אין די עניני ובניני טוב וקדושה וואס זיינען געווען ביז איצטער, איז מען מוסיף א דבר חדש, דורך נעמען עניני העולם און בויען דערפון בניני קדושה, בתי תורה תפלה וצדקה, ביז אויך בתי רשות, וועלכע א איד נוצט אבער לשם שמים און אויף דעהו.

ועד"ז — „שנת הילד והילדה":

די הדגשה איז ניט „בן ובת", נאר „ילד וילדה", ווייל מ'רעדט וועגן אלע קינדער, ניט נאר די וואס האבן א יחוס מצד זייערע עלטערן, נאר אפילו אויב זייערע עלטערן זיינען אין א מצב וואס זיי האבן ניט געגעבן די קינדער א אידישן חינוך, האבן די קינדער אליין יחוס — זייענדיק בני אברהם יצחק ויעקב ובנות שרה רבקה רחל ולאה, און זייענדיק יעדערער „יציר כפיו של הקב"ה"[66] (בדוגמת אדם הראשון[67])!

---

62) פ"ב ואילך.

63) ואתחנן ו, ה. ברכות נד, א.

64) פרשתנו ב, ג.

65) ראה ב"ר פי"א, ו ובפרש"י שם.

66) ראה ב"ר פכ"ד, ה. קה"ר פ"ג, יא (ב). אדר"נ ספ"א.

67) סנהדרין לז, א במשנה.

איז דאָך פאַרשטאַנדיק דער יחס וואָס מ׳דאַרף האָבן צו אַזאַ קינד [סיי אינגע־לער, סיי מיידעלעך — ילד וילדה], און טאָן כל התלוי פון אים מחנך זיין זיי אין אַלע עניני אידישקייט, תורה ומצוות״, און אים (הילד והילדה) „אויפבויען״, מחדש ער זאָל זיין ווי עס פאַסט פאַר „יציר כפיו של הקב״ה״, דורכגענומען אינגאַנצן מיט אידישקייט.

אפילו בשעת מ׳האַלט אין „ויעקב הלך לדרכו״, מ׳גייט אין וועג טאָן אַן אַנדער זאַך, און מ׳טרעפט אינמיטן וועג אַ אידיש קינד — דאַרף מען וויסן אַז „מה׳ מצעדי גבר כוננו״[68], דאָס איז בהשגחה פרטית, בכדי ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט דעם קינד און משפיע זיין אויף אים. און וויסן די אחריות בזה — און ער קען ניט וויסן צי ער וועט נאָכאַמאָל טרעפן דעם קינד.

אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן קינ־דער וועלכע ער האָט שוין מחנך גע־ווען, איז ידוע די מעשה[69] מיט רב שמואל בר שילת וועלכער איז געווען אַ מלמד תינוקות, און אַמאָל זייענדיק אין זיין גאָרטן, האָט מען אים געפרעגט „שבקתי׳ להימונתך״ (שהיית רגיל ללמדם באמונה וללמד ולישב ע״ג תמיד[70]). און ער האָט געענטפערט אַז „השתא נמי דעתאי עלויהו״!

ח. ויהי רצון, אַז אַרייננגייענדיק איצ־טער אין פרשת נח, „אלה תולדות נח נח איש צדיק תמים״ (וועלכע מ׳לייענט אַלעמאָל בתפלת מנחה פון שבת ברא־שית) — זאָל דאָס אַריינגעבן נאָכמער כח אין דער עבודה פון דער שנה תמימה, ובמיוחד תמימות — אין אויפ־שטעלן „תולדות״, כולל — המלמד את בן חבירו תורה מעלה עליו הכתוב כאילו ילדו[71],

און באופן פון „נח נח״, נייחא בעל־יונים ונייחא בתחתונים[72] נייחא ברוח־ניות ונייחא בגשמיות, נייחא באהבה ויראה, ונייחא בכסף וזהב בפשטות, און מתוך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף,

ובכללות — נייחא אין דער עבודה נאָך אין די לעצטע טעג פון גלות, און נייחא בשלימות — בגאולה האמיתית והשלימה, תיכף ומיד ממש.

---

68) תהלים לז, כג. וראה „היום יום״ ח״י אלול. כש״ט הוספות ס״ג. ועוד.

69) ב״ב ח, ב.

70) פרש״י שם.

71) סנהדרין יט, ב. פרש״י במדבר ג, א.

72) ב״ר פ״ל, ה.



# משיחות ש"פ נח, ד' מרחשון ה'תשמ"ט

א. ענינה המיוחד של שבת פרשת נח — שהיא השבת הראשונה בחודש מרחשון, שבו מתחילה העבודה היום-יומית דשנה החדשה:

שבת בראשית היא לעולם בחודש תשרי — ה"מרובה במועדות"[1], שבו עיקר העבודה היא בעניני קדושה, ואילו שבת פרשת נח היא לאחרי ר"ח מרחשון, שבו מתחיל הענין ד"ויעקב הלך לדרכו"[2] — לעבודתו בעניני חולין, "מעשיך" ו"דרכיך", להמשיך בהם אור הקדושה, ובלשון הידוע[3] — לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

ונתבאר לעיל[4] הרמז בפרשת השבוע[5] — "צא מן התבה גו'"[6], כי, המעמד ומצב דחודש תשרי הוא כמו בתוך התיבה[7], שמנותק מעניני העולם, וכל עבודתו אינה אלא בעניני קדושה, ולכן, בחודש מרחשון אומרים ליהודי: "צא מן התיבה", לצאת ולפעול בעולם[8], "פרו ורבו ומלאו את הארץ"[9], מבלי להתפעל מה"מים רבים", הטרדות והבלבולים כו' (דוגמת מי המבול)[10], אשר, ע"י עבודה זו דוקא נשלמת כוונת הבריאה.

ב. וצריך להבין:

עבודתו ופעולתו של יהודי בעולם — מודגשת לראשונה בפרשת בראשית, שבה נתבאר כללות הענין דבריאת העולם, כולל ובמיוחד בריאת האדם, שתכליתה ומטרתה — "לשמש את קוני"[11], ע"י עבודתו ופעולתו בעולם, "פרו ורבו ומלאו את הארץ"[12]; ואילו בפרשת נח — לא נתחדש בזה מאומה (לכאורה), כי אם, שלאחרי משך זמן שבו לא היתה שייכת הפעולה בעולם (בגלל המבול), חוזרים ומדגישים הצורך והחיוב דפעולה בעולם.

ועפ"ז, כשיהודי צריך להתחיל העבודה בעולם באופן מחודש (לאחרי חידוש הבריאה והאדם בשנה החדשה) — מתאים הלימוד וההוראה מפ' בראשית (שבה מודגש עיקר החידוש דעבודת האדם) יותר מאשר הלימוד וההוראה דפ' נח (שההדגשה אודות עבודת האדם

---

1) ב"י לטואו"ח סתצ"ב (ד"ה ומ"ש). שו"ע אדה"ז שם ס"ב. וראה גם השלמה לשו"ע אדה"ז או"ח סקל"א ס"ח.

2) ל' הכתוב — ויצא לב, ב. וראה לקו"ש ח"כ ע' 556 בהערות, ושי"נ.

3) ראה תנחומא נשא טז. ועוד. תניא רפל"ו. ובכ"מ.

4) שיחת אדר"ח מרחשון שנה זו ביחידות הכללית לאורחים שיחיו. וראה גם לקו"ש חכ"ה ע' 32 ואילך. ועוד.

5) ובקביעות שנה זו — בשיעור דיום א' מרחשון, שחל ביום רביעי בשבוע.

6) פרשתנו ח, טז.

7) להעיר ממ"ש בפרשתנו (ח, ד) "ותנח התיבה בחודש השביעי בשבעה עשר לחודש" — שחודש השביעי הוא חודש תשרי, ושבעה עשר יום הם עשי"ת ושבעת ימי הסוכות (אוה"ת פרשתנו ע, א. ושי"נ).

8) כמרומז גם בשמו של החודש — "מרחשון" — מלשון מר מדלי, טפת גשמים, שאז מתחילה עונת הגשמים, שבזה מודגשת השייכות לעבודת הארץ בחרישה וזריעה כו'.

9) שם ט, א.

10) ראה תו"א ריש פרשתנו. ובארוכה — תו"ח שם (נח, ד ואילך).

11) משנה וברייתא סוף מס' קידושין.

12) בראשית א, כח.

אינה דבר חידוש), ומדוע נקבע — בהשגחה פרטית — שהתחלת העבודה בעולם היא בזמן שבו צריך „לחיות"[13] עם פ' נח דוקא?

זאת ועוד:

הפעולה בעולם כפי שהיא בפ' נח קשורה עם מצב בלתי־רצוי — ענין המבול. וכידוע פתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר[14] שהשבוע דפרשת נח הוא „שבוע אפור" („א קאלעמוטנע וואָך"), ולעומת זאת, פרשת בראשית היא פרשה שמחה („א פריילעכע סדרה"). ואו"כ, ראוי יותר להתחיל את העבודה בעולם על כל השנה כולה — בפ' בראשית, סיפור כללות הבריאה באופן ד„וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד"[15], ולא להתחיל ב„שבוע אפור", פרשת נח, שבה מסופר אודות ענין המבול?!

לכאורה, יכולים לתרץ בפשטות שהקשר והשייכות דהתחלת העבודה בעולם לפ' נח (יותר מאשר לפ' בראשית) הוא — רק בגלל המעבר מעולם של קדושה (תשרי) לעולם של חולין (מרחשון), בדוגמת היציאה מן התיבה לעולם, עולם שיש בו „מים רבים" כו' (כנ"ל), אשר, יציאה כזו גורמת (לפעמים) למצב רוח אפרורי („קאַלעמוטנע"), שכל זה אינו שייך בפ' בראשית, שבה מדובר אודות התחלת הבריאה ממש, ולא שינוי ממצב שלפנ"ז כו';

אמנם, כד דייקת שפיר, הרי, מכיון שכל עניני התורה הם בתכלית הדיוק בכל הפרטים, מסתבר לומר, שהקשר והשייכות לפ' נח (יותר מאשר לפ' בראשית) הוא (לא רק בגלל המעבר מחודש תשרי לחודש מרחשון, אלא גם) בגלל עצם הענין דעבודת ופעולת האדם בעולם, שבפ' נח מודגש בזה עילוי מיוחד גם לגבי פ' בראשית, כדלקמן.

ג. ויובן בהקדם המבואר במדרש[16] במעלת נח — ש„ראה עולם חדש":

הפירוש הפנימי ד„עולם חדש" (כפי שנקרא ב„תורת־אמת") הוא — חידוש בעצם המציאות דעולם, כלומר, לא רק חידוש לגבי מצב העולם בזמן המבול, אלא גם (ואדרבה — בעיקר) חידוש לגבי מצב העולם לפני המבול, בהתחלת הבריאה.

ולכאורה אינו מובן:

לאחרי המבול ניתוסף רק תוקף בהבריאה, שלא תהי' אפשרות לשינוי, כמ"ש[17] „זרע וקציר וגו' ויום ולילה לא ישבותו" (לאחרי ש„שבתו כל ימות המבול"[18]), אבל לא נברא „עולם חדש"?!

בסגנון אחר קצת: חידוש („עולם חדש") אמיתי — אינו אלא בהתחלת הבריאה, שאז נתחדש העולם מאין ואפס המוחלט ליש, שזהו חידוש אמיתי, שאינו אלא בחיק הבורא כו'[19]; ואילו כל מה שלאח"ז, ובנדו"ד, מצב העולם לאחרי המבול — מכיון שאינו התחדשות יש מאין, אין זה חידוש אמיתי. ומהו הפירוש שנח „ראה עולם חדש"?!

ד. והביאור בזה — בהקדמה:

החידוש דהתהוות הבריאה מאין ליש

---

13) ראה „היום יום" ב' חשון. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

14) סה"ש שם ע' 30.

15) בראשית א, לא.

16) ב"ר פרשתנו פ"ל, ח.

17) פרשתנו ח, כב.

18) פרש"י עה"פ.

19) ראה אגה"ק ס"כ.

הוא אמנם חידוש שאינו אלא בחיק הבורא בלבד, אבל אעפ"כ, מכיון שחידוש זה (מאין ליש) נעשה בשביל כוונה ותכלית מסויימת, עכצ"ל, שבכוונה ותכלית זו יש חידוש גדול יותר, עד כדי כך, שבשבילו נעשה החידוש מאין ליש.

ומכיון שהכוונה והתכלית דהחידוש מאין ליש, היא, מפני שנתאווה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים, ע"י עבודתם של ישראל לפעול שה„יש" יהי' בטל אל ה„אין", מיש לאין, ויתירה מזה, מיש ליש, שיש הנברא יתחבר ויתאחד עם יש האמיתי[20] (ע"י בירור וזיכוך העולם להיות דירה לו ית') — נמצא, שעבודתם של ישראל באופן של יש מיש היא חידוש גדול יותר מפעולתו של הקב"ה, כביכול, בהחידוש מאין ליש.

וכמבואר בדרושי חסידות[21] בפירוש מארז"ל[22] „גדולים מעשה צדיקים יותר ממעשה שמים וארץ" — מכיון שמעשה שמים וארץ הוא מאין ליש, ומעשה צדיקים הוא מיש לאין, שזהו חידוש גדול יותר[23], כנ"ל.

ה. ויש לומר, שהחידוש מיש ליש („מעשה צדיקים") — שבשביל זה הי' החידוש מאין ליש („מעשה שמים וארץ" שבפ' בראשית) — התחלתו בפ' נח.

ובהקדמה:

השינוי שנעשה בעולם ע"י המבול הוא — התחלת הענין דבירור וזיכוך העולם[24], כמבואר בדרושי חסידות[10] שהמבול בא (לא רק כדי להעניש את החוטאים[25], אלא גם ובעיקר) כדי לטהר את הארץ, ע"י המים, כדוגמת המקוה מ' סאה שהיא מטהרת את האדם.

ועד"ז בנוגע לפעולתו של נח לפני המבול, בבנין התיבה — „הרבה ריוח והצלה לפניו, ולמה הטריחו בבנין זה, כדי שיראוהו אנשי דור המבול עוסק בה ק"כ שנה ושואלין אותו מה זאת לך, והוא אומר להם עתיד הקב"ה להביא מבול לעולם, אולי ישובו"[26], היינו, שנח השתדל לפעול על אנשי הדור לעשות תשובה[27] (אלא, שבפועל ממש לא הצליח לפעול על אנשי דורו[28], כי אם, בנוגע לעצמו ובני ביתו בלבד).

ויש לומר, שבזה נכלל גם הפירוש הפנימי דתשובה — „והרוח תשוב אל

---

20) ולהעיר, שגם ב„אין" יש ב' דרגות — אין של היש האמיתי ואין של היש הנברא (ראה סה"מ תשי"א ע' 6־51. ושי"נ), וביטול היש לאין הוא — תחלה לאין דיש הנברא, ועד שמתבטל לאין דיש האמיתי, ויתירה מזה שנעשה חד עם יש האמיתי (ראה ביאוה"ז לאדהאמ"צ בשלח מג, ג ואילך. ובכ"מ), היינו, שכל ד' הדרגות (ב' הדרגות דהיש וב' הדרגות דהאין) נעשים נקודה אחת — בדוגמת שם הוי', שד' האותיות שבו הם שם אחד, ועד שמורה גם על „אמתת המצאו", אחדות הפשוטה, דלא אתרמיז בשום אות וקוצא כלל.

21) ראה ד"ה גדולים מעשה צדיקים תרפ"ה פ"ז.

22) כתובות ה, א.

23) ע"ד מארז"ל (תענית כה, א) „גדול הי' נס אחרון מן הראשון" כי „מן שמיא מיהב יהבי מישקל לא שקלי", היינו, שהחזרת הדבר ל„אין" („מישקל") הו"ע גדול יותר מהתהוות הדבר מאין ליש („יהבי").

24) בהבא לקמן — ראה בארוכה לקו"ש חט"ו ע' 51 ואילך. ושי"נ.

25) „שאם הי' רק להעביר ולשחת האנשים החוטאים, למה הוצרך לבחי' רעש גדול כזה, הלא ברגע א' הי' ביכולת ה' להעבירם אף בלא המבול" (תו"א ותו"ח שם).

26) פרש"י פרשתנו ו, יד.

27) ויתירה מזה — שמי המבול עצמם באו תחילה כדי לעורר לתשובה „הורידן ברחמים אם יחזרו (בתשובה) יהיו גשמי ברכה" (פרש"י פרשתנו ז, יב).

28) והטעם הפנימי לזה — מפני שלפני המבול (טהרת וזיכוך הארץ) לא היתה אפשרות של בירור ועלי' (ראה לקו"ש חט"ו שם).

האלקים אשר נתנה"[29], היינו, שפעולתו של נח היתה להשיב את העולם לשרשו ומקורו כו', „אל האלקים אשר נתנה", כפי שהדבר התבטא בפועל בזמן המבול, שהעולם כולו הי' מכוסה במים — מעין ודוגמת השלימות דלעתיד לבוא, ש„מלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים"[30] (כמבואר בארוכה במק"א[31]).

ו. ובפרטיות יותר:

בירור וזיכוך העולם נעשה ע"י עבודתם של ישראל לאחר מ"ת, שאז נעשה החיבור ד„עליונים" ו„תחתונים", שהעליונים ירדו לתחתונים והתחתונים יעלו לעליונים[32], אשר, ההכנה לזה היתה ע"י עבודתו של אברהם אבינו, שממנו מתחילה התקופה ד„שני אלפים תורה"[33].

אמנם, כדי שתוכל להיות עבודת אברהם אבינו כהכנה למתן תורה, הוצרך להיות תחילה ענין של בירור וזיכוך בעולם שיהי' ראוי לפעולתו של אברהם אבינו כהכנה למ"ת — הטהרה שע"י המבול.

ומזה מובן שע"י המבול נעשה חידוש ושינוי עיקרי בכל הבריאה (כל סדר ההשתלשלות), על כל משך הזמן שלאח"ז עד סוף כל הדורות, במשך כל שית אלפי שנין דהוי עלמא[34] — מכיון שאז התחיל כללות הענין דבירור וזיכוך העולם, שזוהי תכלית כוונת הבריאה, שנתאווה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים.

ונמצא, שההתחלה הראשונה[35] ד„מעשה צדיקים" בבירור וזיכוך העולם לעשות לו ית' דירה בתחתונים, מיש ליש, היא — ע"י עבודתו של נח[36], „נח[37] איש צדיק תמים[38] גו'".

---

29) קהלת ז, יב. וראה לקו"ת ר"פ האזינו. ובכ"מ.

30) ישעי' יא, ט. רמב"ם הל' מלכים בסופן.

31) לקו"ש נח תשמ"ז.

32) תנחומא וארא טו. שמו"ר פי"ב, ג. ועוד.

33) ע"ז ט, א. וראה בארוכה ספר הערכים חב"ד ע' אברהם אבינו ס"ד. וש"נ.

34) ויתירה מזה: ע"פ הידוע (תו"א שמות נא, ד. וש"נ) ש„זה העולם הוא שמיטה שני' ולפני' הי' ג"כ שמיטה אחת . . ויהיו עוד חמש שמיטות אחר שמיטה זו כי צ"ל ז' שמיטות כו'", ולאח"ז בא היובל, וכן הלאה עד נ' אלפים יובלות* (נסמן במאמרי אדהאמ"צ דברים ח"א ס"ע רסח) — נמצא, שענין המבול פעל שינוי לא רק בשמיטה זו, אלא גם בכל ז' השמיטות ובכל נ' אלפים יובלות!

35) להעיר מהעילוי המיוחד שבהתחלת ופתיחת ענין, שכולל כל ההמשך כו', ועד"ז בנדו"ד, שהתחלת בירור וזיכוך העולם בזמן המבול כולל גם השלימות דלעתיד לבוא, תכלית השלימות דכללות „מעשינו ועבודתינו" במשך שית אלפי שנין דהוי עלמא, כנ"ל ס"ה.

36) ולכן נקראים מי המבול (שעל ידם נעשה טהרת העולם) על שמו — כמ"ש „כי מי נח זאת לי" (ישעי' נד, ט (הפטרת שבת זו). וראה תו"א ותו"ח שבהערה 10).

37) ריש פרשתנו.

38) להעיר מהשייכות לשנה זו — שנת העיבור, שהיא „שנה תמימה" (בהר כה, ל. ערכין לא, א (במשנה)). ולהעיר גם מהשייכות לענין המבול (טהרת העולם) — „משפט דור המבול שנה תמימה הי'"* (פרש"י פרשתנו ח, יד).

---

*) אלא, שאין הכוונה לעולם גשמי כמו עוה"ז דעכשיו עם שמים וארץ גשמיים ודצח"מ, כי זה לא הי' אלא בשמיטה זו דוקא לבד, כי אם ברוחניות הענינים (תו"א שם — מכתבי האריז"ל). ולכן, כל הענינים דשמיטה זו פועלים על כל השמיטין וכל נ' אלפים יובלות — מכיון שרק שמיטה זו היא בעוה"ז הגשמי, שבו נשלמת כוונת הבריאה לעשות לו ית' דירה בתחתונים (ע"י מ"ת כו', החל מההקדמה דטהרת הארץ ע"י המבול).

*) אלא, שה„שנה תמימה" דהמבול אינה שנת העיבור, כי אם, תמימות דשנת החמה („י"א ימים שהחמה יתירה על הלבנה" (פרש"י שם)).

ז. עפ"ז יש לבאר הענין ד"עולם חדש" שנאמר בנח:

עיקר החידוש שבפ' בראשית הוא — פעולתו של הקב"ה בהתהוות הבריאה מאין ליש (אלא, שהכוונה בזה היא בשביל עבודת האדם); ואילו החידוש שבפ' נח הוא — (התחלת) בירור וזיכוך העולם מיש (לאין, ועד — מיש) ליש.

ומכיון שהשינוי מיש ליש הוא חידוש גדול יותר מהחידוש מאין ליש, כאמור, שהחידוש של הקב"ה מאין ליש הוא בשביל שנתאווה לחידוש דמעשה צדיקים מיש ליש — נמצא, שעיקר ושלימות ענין החידוש הוא בפ' נח, "ראה עולם חדש"[39].

ח. ע"פ כל האמור לעיל יובן גם הקשר והשייכות דפ' נח דוקא להתחלת עבודת ופעולת האדם בעולם בשנה החדשה (בחודש מרחשון):

מכיון שבפ' נח מתחיל הענין דבירור וזיכוך העולם ע"י מעשה צדיקים (דלא כבפ' בראשית שבה מודגשת פעולתו של הקב"ה במעשה שמים וארץ), עד כדי כך, שעי"ז נעשה חידוש ושינוי עיקרי בכל הבריאה כולה — לכן, כשיהודי יוצא לעבוד עבודתו בעולם עליו "לחיות" עם פ' נח דוקא, שבה מודגש החידוש בעולם שנעשה ע"י עבודת ופעולת האדם, "ראה עולם חדש" ("גדולים מעשה צדיקים יותר ממעשה שמים וארץ").

ומכאן למדים הוראה נפלאה — גודל החשיבות והיוקר דמעשה ופעולת האדם:

תקופת הזמן של נח ועבודתו בעולם אינה אלא זמן מועט ביחס לכל שית אלפי שנין דהוי עלמא[40], ואעפ"כ, במיעוט זמן זה פעל שינוי וחידוש עיקרי בכל הבריאה כולה. ומזה מובן גם בנוגע לעבודתו ופעולתו של כאו"א מישראל — שבזמן מועט, ועד לפעולה אחת, יכול לפעול גדולות ונצורות בכל הבריאה כולה.

ובפרטיות יותר — בנוגע לחייו הפרטיים דכאו"א מישראל:

ידוע[41] הסיפור אודות מאמר הבעש"ט לר' מרדכי הצדיק, שנשמה יורדת לעולם למשך שבעים-שמונים שנה כדי לעשות טובה (אחת) ליהודי בגשמיות או ברוחניות. וכמשנ"ת במק"א[42] גודל החידוש שבדבר — שכל שנות חייו של צדיק שעבד עבודתו בתומ"צ באופן נעלה כו', הם בשביל פעולה אחת של עשיית טובה ליהודי, שבשביל זה ירדה נשמתו לעלמא דין, ובשביל זה ניתנו לו שבעים-שמונים שנה של עבודה בתומ"צ!

ומזה מובן גודל החשיבות והיוקר דכל פעולה ופעולה — דמכיון ש"אין גו' אתנו יודע עד מה"[43] מהי הפעולה המיוחדת שבשביל זה ירדה נשמתו לעולם, הרי מובן, שכל פעולה ופעולה צריכה להעשות בכל ה"שטורעם" כו', שהרי יתכן שפעולה זו היא הפעולה שבשביל זה ירדה נשמתו לעולם, פעולה

39) ועפ"ז יומתק לשון המדרש "כל מי שנאמר בו הי' ראה עולם חדש" — שהלשון "הי'" מורה שאין כאן התהוות חדשה מאין ליש, מכיון שכבר "הי'" לפנ"ז, ועכצ"ל, שהחידוש שבו הוא מיש לאין.

40) ועאכו"כ ביחס לכל ז' השמיטות, וכל נ' אלפים יובלות (כנ"ל הערה 34).

41) "היום יום" ה' אייר. ובכ"מ.

42) ראה שיחת ש"פ תשא תשמ"ה. ועוד.

43) תהלים עד, ט.

שתפעל בכל משך חייו, דוגמת הפעולה דנח על כל שית אלפי שנין דהוי עלמא.

ט. ויש להוסיף בהלימוד מפ׳ נח — בנוגע לאופן הפעולה בעולם:

בשביל בירור וזיכוך העולם בזמנו של נח (ע״י המבול) הי׳ צורך שהיש דעולם יתבטל ממציאותו, מיש לאין כפשוט („וימח את כל היקום גו׳״[44]), ורק לאח״ז נעשה „עולם חדש״: אבל מאז ואילך (לאחרי השבועה ד„לא אוסיף גו׳״[45]) אין צורך בענין של ביטול כפשוטו, ח״ו (ואדרבה, העבודה היא באופן של בנין דוקא), היינו, שהעולם נשאר במציאותו[46] (והביטול אינו אלא ברוחניות כו׳), אלא, שפועלים בירור וזיכוך בגשמיות העולם שיתעלה לדרגת הקדושה, ע״י שמגלים בו את מציאותו האמיתית — „כל הנמצאים כו׳ לא נמצאו אלא מאמתת המצאו״[47].

ודוגמתו בעבודת האדם עם עצמו: עבודה של מסירת נפש, ביטול מציאותו (מיש לאין), זמנה „אחת בשנה״[48], באמירת „שמע ישראל גו׳ הוי׳ אחד״ בסיומה של תפלת נעילה, שצריך לכוון „למסור נפשו על קדושת השם . . כאילו עשה בפועל״[49]: אבל עיקר העבודה במשך כל השנה כולה היא — באופן שמציאותו קיימת, ובכל התוקף — תוקף דקדושה, ופועל פעולתו באופן של עשי׳, בלימוד התורה וקיום המצוות, ועד לעניני הרשות, „כל מעשיך יהיו לשם שמים״[50] ו„בכל דרכיך דעהו״[51] (אלא, שעבודתו חדורה בענין המס״נ, כמבואר בתניא[52]).

וענין זה מודגש יותר בפרשה שמתחילין לקרוא במנחת שבת אודות עבודתו של אברם[53] — „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך״[54], היינו, שלא תובעים ענין של ביטול המציאות כו׳, כי אם, יציאה ממעמדו ומצבו הקודם, לעזוב טבעו ורגילותו כו׳, „ארצך ומולדתך ובית אביך״, אשר ע״ז „אראך״, מתגלית מציאותו האמיתית, „לך לך, לעצמך, לשרשך ומקורך״[55] (ע״ד ובדוגמת ענין התשובה — „והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה״[29], נשמה בגוף).

י. ההוראה מכל האמור לעיל בנוגע למעשה בפועל:

הקריאה דפרשת נח בשבת זו מהוה הוראה ונתינת־כח לכאו״א מישראל שעבודתו ופעולתו בעולם תהי׳ באופן של חידוש — „ראה עולם חדש״.

---

44) פרשתנו ז, כג.
45) שם ח, כא ובפרש״י.
46) ודוגמתו בזמן המבול — אצל נח, שנשאר במציאותו, „נח איש צדיק תמים גו׳״, אלא, שניתוסף בו עילוי גדול יותר כו׳.
47) רמב״ם ריש הל׳ יסוה״ת.
48) ס״פ תצוה. אחרי טז, לד.
49) ויש מבנ״י שזכו למס״נ עקה״ש בפועל ממש (בגלל הגזירות כו׳ הילו״ת), שגדלה מעלתם ביותר, עד שאין כל ברי׳ יכולה לעמוד במחיצתם (פסחים נ, א. ושי״נ).

50) אבות פ״ב מי״ב.
51) משלי ג, ו. וראה רמב״ם הל׳ דעות ספ״ג. שו״ע אדה״ז או״ח סקנ״ו ס״ב.
52) פמ״א (נח, א). וראה גם ספכ״ה.
53) לאחרי סיום פ׳ נח אודות לידתו של אברם כו׳. ולהעיר גם מפתגם כ״ק מו״ח אדמו״ר (שבהערה 14) שסוף השבוע דפ׳ נח הוא בענין של שמחה — לידת אברהם אבינו.
54) ר״פ לך לך.
55) ראה אוה״ת לך לך (כרך ד) תרפ, סע״ב. המשך תרס״ו ע׳ סז. שצז. ד״ה לך לך תש״ב. תש״ה. ובכ״מ.

**ועפ"י האמור לעיל, מובן, שבשביל זה אין צורך „(איבערקערן) להפוך עול־מות"... שכן, חידוש זה יכול להיות** בכל פעולה ופעולה, **ובלשון פירוש רש"י ריש פרשתנו: „תולדותיהם של צדיקים** מעשים טובים"[56] **— ע"י שפעו־לתו נעשית באופן של** חידוש **לגבי מעמדו ומצבו הקודם (החל מהענין ד„לך לך מארצך גו'", שינוי טבעו ורגי־לותו), שאז נעשה הענין ד„ראה עולם חדש"[57].**

56) ובפרטיות — כמסופר בהמשך הפרשה אודות פעולתו של נח בבנין התיבה (כולל גם הפעולה על אנשי דורו שישובו בתשובה), והצלת העולם כולו.

ויש לומר, שכוונת רש"י בפירושו „ללמדך שעיקר תולדותיהם של צדיקים מעשים טובים" (לתרץ הקושיא מדוע חוזר הכתוב וכופל תולדות נח לאחרי שכבר נימנו בס"פ בראשית) — ה„מעשים טובים" שנימנו בהמשך הפרשה, כלומר, לא רק מ"ש לפנ"ז בכללות ש„נח מצא חן בעיני ה'", אלא גם בפרטיות* — „מעשים טובים" שבהמשך הפרשה, כנ"ל.

57) ויש להוסיף דוגמא לדבר — בעבודה הרגילה שבכל יום: העילוי שנעשה ע"י ברכת התורה (ע"ד ובדוגמת העילוי דמ"ת), לאחרי ההכנה המתאימה (דוגמת ההכנה שהתחילה ע"י הטהרה בזמן נח); ונוסף לזה, כשעולה לתורה* ומברך (עוה"פ) ברכת התורה, ועד שלפעמים עולים לתורה פעמיים ביום (כפי שסיפר כ"ק מו"ח אדמו"ר אודות הנהגת אביו כ"ק אדנ"ע, שאף שביוהכ"פ הי' עולה רק למפטיר יונה (ולא בשחרית), ובשמח"ת רק לחתן בראשית (ולפעמים לחתן תורה), ולא למפטיר, מ"מ, לפעמים הי' עולה לתורה פעמיים ביום. ואכ"מ).

*) וע"ד המבואר בכ"מ (ראה שער היחוד לאדהאמ"צ פ"ד ואילך) שלא מספיק עבודה והתבוננות כללית, אלא צ"ל גם עבודה והתבוננות פרטית כו'.

*) להעיר מפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר (לקו"ד ח"א כה, ב ואילך) שכאשר יהודי עולה לתורה נעשה עלי' בכל ג' הבחינות (דתיבת נח) תחתיים שניים ושלישיים, שענינם בנפש האדם נר"נ חי' יחידה. וראה ד"ה ויאמר גו' לך לך תשל"ח פ"ב (סה"מ — מלוקט ח"א ע' רפב) הערה 26.

**ועוד ועיקר — ע"י ההוספה „בבנין בתים" (כמדובר לאחרונה):**

**בנינו של עולם כפשוטו נעשה ע"י בניית בתים, אשר, כו"כ בתים מצטר־פים ונעשים לשכונה, ועד לעיר שלימה, ובצירוף כמה ערים נעשית מדינה כו'.**

**ומזה מובן גם בנדו"ד, שעיקר הענין ד„ראה עולם חדש" נעשה ע"י בניית בתים של קדושה**[58] **— בתי תורה בתי תפלה ובתי צדקה, כולל גם בתים פרטיים שחדורים ונעשים בתי תורה תפלה וצדקה, אשר, מריבוי בתים כאלו נעשית „עיר אלקינו"**[59]**, ועד שפועל על המדינה כולה, ועל כל המדינות כולם („מאה ועשרים ושבע מדינה"**[60]**), בכל העולם כולו.**

**ולכן, הקריאה דפ' נח, ציווי והוראה ונתינת־כח להענין ד„ראה עולם חדש" — צריכה לפעול חיות ו„שטורעם" מחו־דשים בפעולות הבני', החל מבניית בתים, ולא להסתפק בבניית בתים אחדים, אלא לבנות ריבוי בתים שיהיו לשכונה, ועד לבניית ערים וכו'.**

**וכל זה — הן בנוגע למקומות שבהם דרים כבר רבים מישראל [החל מארצנו הקדושה, וגם בחוץ־לארץ, כולל וב־מיוחד בשכונה זו, שבה חי ופעל כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו במשך עשר**

58) דוגמת פעולתו של נח בבנין התיבה (ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט (כש"ט הוספות ס"ז־יו"ד. ושי"נ) ש„תיבה" קאי על אותיות ותיבות התורה והתפלה כו'), שעי"ז נעשית ההצלה מ„מים רבים" שבעולם כו'.

59) ל' הכתוב — תהלים מח, ב.

60) להעיר מהשייכות לשרה (שאודותה מסופר בסוף פרשתנו) — כמארז"ל (ב"ר פנ"ח, ג. ושי"נ) „תבוא אסתר שהיתה בת בתה של שרה שחייתה שבע ועשרים ומאה שנה, ותמלוך על שבע ועשרים ומאה מדינה".

שנותיו האחרונות בחיים חיותו בעלמא דין], והן בנוגע למקומות שבהם דרים רק מעטים מישראל, עד למקומות הכי נדחים בקצוי תבל — אשר גם למקומות אלו שלח ושולח כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו את תלמידיו ושלוחיו[61] (באופן ד"לך לך מארצך גו'"[62]), כדי להפיץ התורה והיהדות אצל היהודים הנמצאים שם[63], ולברר ניצוצות הקדושה שבמקומות אלו[64], עד שפועלים בירור וזיכוך העולם כולו להיות דירה לו ית'.

וכבר הגיעה בשורה משמחת שבכמה מקומות בעולם עוסקים כבר בפעולות אלו — בניית בתים ושכונות כו', ויה"ר שמהם יראו וכן יעשו בכל מקום ומקום.

יא. ויה"ר שע"י מעשינו ועבודתינו בכל הענינים האמורים, שתוכנם ונקודתם "ראה עולם חדש" — נזכה תיכף ומיד לראות בגלוי את תכלית השלימות דחידוש העולם כשתושלם כוונת הבריאה לעשות לו ית' דירה בתחתונים — "השמים החדשים והארץ החדשה"[65].

ותיכף ומיד יתקיים ויהי' אצל כאו"א מישראל "לך לך גו' אל הארץ אשר אראך" כפשוטו ממש — שיוצאים מהגלות ובאים לארצנו הקדושה, לירושלים עיר הקודש, לבית המקדש, ועד לקדש הקדשים.

ואז יקויים היעוד[66] "וערבה לה' מנחת יהודה וירושלים כימי עולם וכשנים קדמוניות", "כימי עולם כימי נח, שנאמר[67] כי מי נח זאת לי"[68], היינו, שהעולם כולו יהי' מכוסה במים — "מי הדעת"[69], כמ"ש[30] "כי מלאה הארץ דעה את הוי' כמים לים מכסים".

---

61) כדי לזכות אותם בעבודה זו — כי (ע"פ הלכה) עושים שליח לעשות מה שבכחו (דהמשלח) לעשות, היינו דנשיא דורנו הי' יכול לפעול הבירור בעצמו, ע"ד עבודת הבירורים שהיתה בזמן שלמה (שניצוצות הקדושה נתקבצו מאליהם אל אור האבוקה). ולהעיר ממשנ"ת במק"א הקשר והשייכות של נשיא דורנו לשלמה (ראה ס' מעייני הישועה ח"ג (קה"ת, תשמ"ח) פ"ח (ע' 201 ואילך)).

62) ראה "היום יום" א' חשון: "מאז שאמר הקב"ה לאברהם אבינו ע"ה לך לך מארצך גו' . . הותחל סוד הבירורים, ועפ"י גזירת ההשגחה העליונה האדם הולך למסעיו במקום אשר הניצוצות הצריכים להתברר על ידו מחכים לגאולתם". וממשיך לבאר ש"הצדיקים שהם בעלי ראי' רואים הם באיזה מקום הבירורים שלהם מחכים להם והולכים שמה בעצמם". ומזה מובן גם בנוגע לענין השליחות — ששולחים תלמידיהם למקום שבו נמצאים הניצוצות הצריכים להתברר על ידם*.

63) כולל גם הפעולה על אוה"ע שיקיימו מצוות בני נח, כפס"ד הרמב"ם (הל' מלכים ספ"ח).

64) להעיר, שבואם של בנ"י גם למקומות רחוקים עד לקצוי תבל נתחדש בדורות האחרונים (שרק אז הגיעו יהודים לחצי כדור התחתון, כמו במדינה זו, וכן באוסטרליא, וכיו"ב), ומוסיף והולך כו' — כי, ככל שהולכים ומתקרבים לביאת המשיח יש צורך לסיים ולהשלים את בירור הניצוצות שנמצאים בכל קצוי תבל, עד לפנה נדחת.

65) ישעי' סו, כב.

66) מלאכי ג, ד.

67) נסמן לעיל הערה 36.

68) ויק"ר פ"ז, ד. איכ"ר בסופו. ועוד.

69) ראה רמב"ם הל' מקואות בסופן.

*) ע"ד הסיפור הידוע שתלמיד הבעש"ט בא למקום מסויים כדי שיברך על מי המעיין דשם שהמתין מששת ימי בראשית שיבוא יהודי ויברך על מימיו (לקו"ד ח"ד תקצו, ב).

## משיחת ש"פ חיי שרה, מבה"ח כסלו ה'תשמ"ט

בקשר עם כינוס השלוחים העולמי

א. דער כינוס השלוחים העולמי, פון די שלוחים שי' פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, בכל מרחבי תבל — הויבט זיך אָן דעם שבת, פ' חיי שרה.

לויט דער תורה הידועה פון דעם בעש"ט[1], אַז יעדע זאַך איז בהשגחה פרטית, און דערפאַר דאַרף אַ איד אַרויסנעמען אַ הוראה פון יעדער זאַך וואָס ער זעט אָדער הערט[2], על אחת כמה וכמה פון דער פרשת השבוע וואָס מ'לייענט און מ'לערנט אין דער צייט, כידוע די תורה פון דעם אַלטן רבי'ן[3] אַז מ'דאַרף דערמיט לעבן — איז פאַרשטאַנדיק, אַז פון היינטיקער פרשה קען מען אַרויסנעמען הוראות בקשר מיט דעם כינוס השלוחים.

ב. די ערשטע שליחות (בכללות[4]) וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין תורה[5] ובאריכות הפרטים און תנאים כו', איז אין היינטיקער פרשה[6] — די שליחות וואָס אברהם האָט געשיקט אליעזר'ן צו געפינען אַ שידוך פאַר יצחק.

וואָס דאָס ווערט דערציילט מיט אַן אריכות גדולה און כמה וכמה פרטים: ווי אברהם האָט אים געשיקט און אָנגעזאָגט וואו צו גיין („אל ארצי ואל מולדתי"[7]), מיט די תנאים וואָס ער האָט דערביי געמאַכט („לא תקח אשה לבני מבנות הכנעני גו'"[8], „פן תשיב את בני שמה"[9]), און די באַוואָרעניש „אם לא תאבה האשה ללכת"[10] ביז אַז ער האָט אים דערויף משביע געווען — „ואשביעך בה' אלקי גו'"[8]:

ועד"ז ווערט דערציילט באריכות ווי אליעזר האָט אויסגעפירט די שליחות בפועל, ביז אַז „פרשה של אליעזר כפולה בתורה"[11].

ג. דערפון קען מען אַרויסנעמען אַ כללות'דיקן לימוד בנוגע צו יעדער שליחות.

ס'איז מבואר בכמה מקומות[12], אַז די שליחות פון אליעזר צו מאַכן דעם שידוך פון יצחק ורבקה איז (פאַרבונדן מיט) כללות ענין עבודת האדם בתורה ומצוות [און דערפאַר ווערט די „פרשה של אליעזר" דערציילט אין תורה באריכות, כנ"ל]:

---

1) כתר שם טוב הוספות סקי"ט ואילך.

2) שם סקכ"ז ואילך.

3) „היום יום" ב' חשון. ס' השיחות תש"ב ע' 29 ואילך.

4) אבל בפרטיות — ראה סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 93 ואילך.

5) אף ש(יתכן) גם לפני זה היו ענינים של שליחות. ולהעיר שמלאך — פי' וענינו שליח (לקו"ת ויקרא א, ג. וראה תניא קו"א קנט, א. ס' הליקוטים דא"ח צ"צ ערך מלאכים ע' תלב ואילך. ועוד). ולהעיר ממו"נ ח"ב פ"ו.

6) כד, ב ואילך.

7) שם, ד.

8) שם, ג.

9) שם, ו.

10) שם, ח.

11) פרש"י פרשתנו כד, מב. מב"ר פ"ס, ח.

12) לקו"ת ברכה צו, סע"ג ואילך. סה"מ תקס"ג ע' לו ואילך. תו"ח פרשתנו קלה, א ואילך. אוה"ת פרשתנו קכז, ב ואילך. סה"מ תר"ס ע' ל ואילך.

אליעזר איז געגאַנגען ברענגען רבקה׳ן, וואָס זי איז „בת בתואל הארמי . . אחות לבן הארמי״[13] אין „פדן ארם״[13] (אין חוץ לארץ), צו יצחק׳ן, בנו של אברהם ונימול לשמונה, און ווי ער איז געווען אין ארץ ישראל (ו„אין חוצה לארץ כדאי לך״[14]) זייענדיק אַן „עולה תמימה״[15] (קדושה בתכלית), נאָך דעם נסיון ומס״נ פון דער עקידה[16] וכו׳: די שליחות פון אליעזר איז באַשטאַנען אין דעם, אַז ער זאָל אַרויסנעמען רבקה׳ן פון פדן ארם פון בתואל ולבן און איר ברענגען צו זיין אַן אשה ליצחק (עולה תמימה), „והיו לבשר אחד״[17].

וואָס די שליחות איז מרמז און באַדייט די כללות׳דיקע עבודה פון מברר זיין און אויפהויבן דעם גוף הגשמי, אַז ער זאָל זיין בטל צו דער נשמה[18], ביז — צו ווערן איין זאַך מיט דער נשמה.

ועד״ז בכללות העולם — די עבודה צו מברר זיין, אויסאיידלען און אויפהויבן די גשמיות׳דיקע וועלט ביז אַז זי זאָל ווערן פאַראייניציקט מיט רוחניות און קדושה[19], אַז עס שטייט בגלוי ווי די אמת׳ע מציאות פון עולם (און כל הנמצאים שבו) איז „אמיתת המצאו״[20].

[ביז אַז נישואי יצחק ורבקה איז געוואָרן אַ הכנה צו מתן תורה[21], ווען ס׳איז בטל געוואָרן די גזירה פון עליונים לא ירדו למטה כו׳[22], און די עליונים ותחתונים ווערן נתאחד, ביז אין אַ יחוד גמור ואמיתי].

ביז די תכלית בזה — „פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה״[23], „הרבה ארבה את זרעך״[24], „והרביתי את זרעך״[25], וואָס דערפון (נישואי יצחק ורבקה[26]) איז אויפגעשטעלט געוואָרען דער אידישער פאָלק עד סוף כל הדורות. „וכבשוה״ — צו „איינעמען״ און איבערמאַכן די וועלט אַז דאָרט זאָל הערשן ג־טלעכקייט.

ובכלל — באַשטייט דאָס און דאָס גיט כח צו טאָן די עבודה פון תורה און מצוות, וועלכע זיינען בדוגמת הנשמה והגוף: תורה איז די נשמה ופנימיות פון מצוות וועלכע זיינען דוקא מיט דברים גשמיים. ובפשטות: לויט די הוראות וואָס מ׳לערנט אין תורה ווייסט מען ווי צו מקיים זיין די מצוות, וועלכע זיינען מברר ומזכך ומעלה די דברים גשמיים מיט וועלכע מ׳איז מקיים די מצות, אַז דורך דעם זאָל די גשמיות׳דיקע זאַך ווערן אַ כלי צו קדושה און אלקות (תשמישי מצוה ותשמישי קדושה), ביז אין

13) תולדות כה, כ. וראה שהש״ר פ״ב, כ (א).

14) פרש״י תולדות כו, ב.

15) פרש״י שם. שם כה, כו. ב״ר פס״ד, ג.

16) ראה פרש״י וירא כב, כ. תולדות כה, כ.

17) בראשית ב, כד.

18) ראה זח״א קפא, ב (עה״פ „לא תקח אשה לבני״), ש„אשה״ (רבקה) קאי על הגוף ו„בני״ (יצחק) קאי על הנשמה. וראה אוה״ת פרשתנו תשצ, ב. תתתט, א.

19) ובלשון החסידות: יחוד מ״ה וב״ן (יחוד אצילות ובי״ע — אוה״ת וסה״מ תר״ס שבהערה 12). וראה לקו״ת שם: וזהו ענין שליחות אליעזר לברר ולהמשיך יחוד זה.

20) ראה רמב״ם בריש ספרו יד החזקה.

21) ראה לקו״ש ח״כ ע׳ 95 ואילך.

22) שמו״ר פי״ב, ג. תנחומא וארא טו.

23) בראשית א, כח.

24) וירא כב, יז. הובא בפרש״י פרשתנו כד, ס.

25) תולדות כו, ד.

26) שהי׳ נישואין הראשונים ע״י מהול לשמונה (יצחק) — ראה ב״ר פ״ס, ה. אוה״ת ריש פרשתנו (קכז, ב).

ונוסף לזה: נישואי אדם וחוה היו בידי שמים. ובנוגע לנישואי אברהם ושרה — ראה לקו״ש ח״כ ע׳ 97.

אַז אופן פון יחוד — אַ חפץ דקדושה, וואָס ווערט אַ צוותא וחיבור כביכול מיט דעם אויבערשטן[27].

ד. עפ"ז קען מען אויך מסביר זיין ווי די עצם שליחות פון אליעזר (און ניט נאָר תכלית השליחות — נישואי יצחק ורבקה) שפּיגלט זיך אָפּ אין כללות העבודה פון יעדן אידן:

דער אויבערשטער האָט געמאַכט יעדער איד פאַר זיין שליח[28], און אַראָפּגעשיקט זיין נשמה דאָ למטה אין אַ גוף גשמי בעולם הזה הגשמי, און דער תכלית בזה איז — מאַכן פון דער גשמיות'דיגער וועלט (אָנהויבנדיק פון זיין גוף ונה"ב וחלקו בעולם) אַ דירה צום אויבערשטן, דירה לו יתברך בתחתונים[29].

וכשם ווי אברהם האָט משביע געווען אליעזר שלוחו בקיום השליחות, און איןביידע כיוונים „לא תקח גו' ולקחת אשה", אַזוי איז אויך בנוגע צו דער שליחות הנשמה — אַז קודם ירידתה למטה „משביעין אותו תהי צדיק ואל תהי כו'"[30].

ה. דער ענין פאָדערט אָבער ביאור:

פאַרוואָס דאַרף מען אָנקומען צו אַ שליח (אליעזר) צו אויפטאָן דעם ענין פון נישואי יצחק ורבקה (אברהם אַליין איז ניט געגאַנגען אין פדן אדם)[31]?

ועד"ז איז די שאלה אין דעם נמשל: וויבאַלד אַז די תכלית הבריאה איז בכדי עס זאָל זיין אַ דירה בתחתונים, פאַרוואָס דאַרף זיך דאָס דורכפירן דוקא דורך אַ שליח (די נשמה פון אַ איד)?

וועט מען דאָס פאַרשטיין דורך ערקלערן דעם אינהאַלט פון אויפמאַכן אַ דירה לו יתברך בתחתונים:

דער אויפטו פון דירה בתחתונים באַשטייט אין דעם, וואָס כאָטש אַז די וועלט מצד בריאתו איז אין אַ דרגא פון „תחתונים", אַז דאַרט הערט זיך ניט אַן ג־טלעכקייט בגלוי (ניט ווי אין די עולמות עליונים וואו אלקות שטייט בגלוי) — טוט מען אין איר אויף אַ חידוש, אַז אלקות זאָל דאָרטן לייכטן, ביז אין אַן אופן ווי אַ מענטש (להבדיל) געפינט זיך אין זיין דירה, וואו ער שטייט אינגאַנצן אַנטפּלעקט ובהרחבה (אָן צמצומים), אַזוי ווערט עולם הזה התחתון אַ דירה פאַר דעם אויבערשטן.

עפ"ז איז פאַרשטאַנדיק פאַרוואָס די דירה בתחתונים ווערט אויפגעמאַכט דוקא דורך שלוחו של הקב"ה — נשמות ישראל (ווי אָפּגעשפּיגלט אין שליחות אליעזר):

אויב די דירה בתחתונים ווערט אויפגעמאַכט דורך דעם אויבערשטן אַליין, ד.ה. אַז דער גילוי אלקות איז אַזוי שטאַרק ביז אַז ער איז אויך למטה —

27) ובפרטיות יותר: ע"י המצוות נעשה חיבור מ"ה וב"ן. אבל היחוד ע"י מצוות הוא יחוד פרטי, והיחוד דיצחק ורבקה הוא יחוד כללי כו', כמשנ"ת בדרושים שבהערה 12.

28) ראה לקו"ת ויקרא א, ג ואילך. וראה שיחות: ליל שמח"ת תשמ"ו. ש"פ חיי שרה תשמ"ז (לקו"ש חכ"ה ע' 329 ואילך). ש"פ וישלח תשמ"ז (לקו"ש שם ע' 364 ואילך). קונטרס השליחות (קה"ת, תשמ"ט).

29) ראה תנחומא נשא טז. ועוד. תניא רפל"ו.

30) נדה ספ"ג. וראה תניא בתחלתו.

31) ואף שאברהם הי' זקן (ראה מפרשים עה"פ פרשתנו כד, א) — הרי כל פרט בתורה הוא בתכלית הדיוק, ועאכו"כ ענין הכי כללי, ולכן י"ל ששליחותו של אליעזר (הוא לא פרט צדדי מפני ההכרח, כ"א שזה) נוגע למטרת תכלית השליחות, נישואי יצחק ורבקה.

איז אין דעם ניטאָ דער אויפטו פון אַ דירה בתחתונים — "בתחתונים", אַז די תחתונים, אין זייער גדר ומהות (וואָס מצ"ע פאַרדעקט עס אויף אלקות) אָנער־קענען אלקות.

דעריבער דאַרף די דירה בתחתונים אויפגעמאַכט ווערן דורך אַ שליח, וואָס פון איין זייט איז ער כביכול אַ צווייטער, אַ באַזונדער מציאות פון דעם משלח (אויב ניט — איז ניט שייך זאָגן אַז ער איז אַ שליח וועלכע האָט אַ שליחות מסויימת במקום ובמצב וואו דער משלח געפינט זיך ניט כביכול), אָבער לאידך גיסא — מאַכט זיך דער שליח "אויס מציאות בפני עצמו", ער ווערט אינגאַנצן בטל צו דעם משלח, ביז אַז "שלוחו[32] של אדם (העליון[33]) כמותו", ביז "כמותו ממש"[34].

און דעריבער האָט דער שליח בכח צו אויך אויפטאָן אַז די וועלט אַרום זיך, וואָס איז מצ"ע (בהרגשתו) אַ יש ומציאות בפני עצמו[35], זאָל זיין בטל צו אלקות[36], ביז אַז זי ווערט אַ דירה צום אויבערשטן.

וואָס דורך דעם טוט זיך אויף אַ חידוש וואָס איז ניט געווען כביכול אין דער וועלט ווי זי איז מצד בריאתו ע"י הקב"ה. ביז אַז דורך דעם טוט זיך אויף אַ חידוש וואָס איז נאָך גרעסער כביכול ווי דער חידוש יש מאין פון התהוות הבריאה.

וכמאמר חז"ל[37] "גדולים מעשה צדיקים יותר ממעשה שמים וארץ" — ווייל מעשה שמים וארץ איז מאין ליש, און מעשה צדיקים איז מיש לאין, אַז דער יש וואָס איז באַשאַפן געוואָרן (דורך דעם אויבערשטן) באופן כזה אַז ער זאָל מרגיש זיין ווי ער איז אַ יש ומציאות בפ"ע, זאָל זיין בטל צו דעם אין, וואָס דאָס איז אַ גרעסערער חידוש ווי דער חידוש מאין ליש, וכמאחז"ל[38] "משמיא מיהב יהבי מישקל לא שקלי"[39].

ביז נאָכמער[40]: עס ווערט מיש לאין, אַז דער יש הנברא ווערט איין זאַך מיט דעם יש האמיתי כביכול[41], דורך דעם וואָס עס ווערט אַ דירה בתחתונים, אַ דירה לעצמותו ית'[42], וואָס ער איז העכער פאַר גדר עליון ותחתון, דעריבער קען ווערן אַ דירה (אפילו) בתחתונים.

[ועד"ז בנוגע צו דער עבודה פון דעם מענטשן אַליין, אַז דורך ביטול היש ומציאות פון זיין גוף ונה"ב — טוט זיך אויף אַ גרעסערער חידוש ווי דורך התהוות היש:

די נשמה מצ"ע איז אַ מציאות רוח־

32) ברכות לד, ב במשנה. קידושין מא, ב.

33) ראה לקו"ת ויקרא א, ג.

34) לקו"ת שם. וכ"ה הלשון (כמותו ממש) בתשובות הריב"ש סרכ"ח.

35) ראה ניצוצי אורות לזח"א שבהערה 18, ש"אשה" (רבקה) הוא מלשון ישות (הישות דעולמות בי"ע).

36) ראה אוה"ת ריש פרשתנו (קכח, א) שיחוד מ"ה וב"ן (ע"י יצחק ורבקה) הוא חיבור היש דעולמות בי"ע (לא רק עם אצילות, אלא) עם בחי־ אין שלמעלה מאצילות.

37) כתובות ה, א.

38) תענית כה, א.

39) ראה ד"ה ויהיו חיי שרה עטר"ת. גדולים מעשה צדיקים תרפ"ה פ"ז. ועוד.

40) ראה גם לעיל ע' 32 ואילך.

41) ראה ביאוה"ז לאדהאמ"צ בשלח מג, ג ואילך. ד"ה ולקחתם תרס"א.

42) ראה אוה"ת בלק ע' תתקצז. המשך תרס"ו ע' ג.

נית, אדם על שם אדמה לעליון[43], וועלכע איז נידעריקער פאַר און נאָר דומה לעליון. אָבער דורך איר שליחות למטה אין אַ גוף גשמי בעוה"ז התחתון (און דאַרטן טוט זי אויף אַז דער גוף ויש הגשמי זאָל זיין בטל צו דעם „אין") — ווערט אויפגעטאָן נאָך אַ גרעסערער חידוש: אַז עס ווערט נתגלה ווי די נשמה איז „חלק אלוקה ממעל ממש"[44] (וי"ל עד"ז — שלוחו של אדם כמותו ממש), „ממש" (אויך) בפירושו אַז מ'קען דאָס אַנטאַפּן מיטן חוש המישוש[45].

ויש לומר אַז דאָס איז ווייל דורך שליחות וירידת הנשמה למטה ווערט נתגלה ווי די נשמה איז „חלק אלוקה ממעל ממש", בפירושו אַז דאָס איז נאָך העכער פאַר „חלק אלוקה ממעל"[45]: מצד די דרגא פון „חלק אלוקה ממעל" (רוחניות) איז ניטאָ קיין אַרט אויפן חוש המישוש[46], דוקא מצד אַ „דרגא" וואָס איז העכער פאַר רוחניות וגשמיות (ולגבי' רוחניות וגשמיות שווין), ביז העכער פאַר כל גדר ודרגא, העכער פאַר כל הגדרים והתוארים — קען מען אַנטאַפּן דעם „חלק אלוקה ממעל" מיטן חוש המישוש בגוף הגשמי. ויש לומר, אַז דעמולט איז דער פירוש אין „אדמה לעליון" (אַ דמיון) למעליותא — העכער פאַר „עליון" (רוחניות)].

ווי דאָס האָט זיך אָנגעהויבן דורך דעם ערשטן שליח (נשמה) של הקב"ה — אדם הראשון: מעשה בראשית מצד עצמו איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבערשטן אין אַן אופן פון „טוב". אָבער דוקא בסיום יום השישי, בריאת האדם, האָט זיך אויפגעטאָן אין דער בריאה דעם ענין פון „טוב מאד"[47], וואָרום דער אדם (שותף להקב"ה במעשה בראשית[48]) טוט אויף אין דער בריאה אַ זאַך וואָס איז אין איר ניט געווען מצד מעשה בראשית כביכול — אַז די וועלט וואָס איז באַשאַפן געוואָרן באופן של יש ומציאות (אַז זי איז ניט מרגיש איר מקור, דעם בורא עולם), זאָל טאָן אַ זאַך פון זיך אַליין — „בואו", און נאָכמער — „ונשתחוה ונכרעה נברכה לפני ה' עושנו"[49].

און פון אדם הראשון ווערט אַזוי נמשך אין אַלע נשמות ישראל[50] — שלוחי הקב"ה שבכל דור ודור — צו אויפטאָן דעם ענין פון „תמליכוני עליכם" בכל ראש השנה[51] (וואָס איז בדוגמא צו דער „בואו ונשתחוה כו'" ע"י אדה"ר בר"ה הראשון), ביז מאַכן די וועלט פאַר אַ דירה לו יתברך, וואו עס הערט זיך און מען פילט אַז דער אויבערשטער איז „מלך על כל הארץ"[52].

ו. תורה בכללות ופרטות נאמרה[53] און אַזוי בכאו"א: כשם ווי אַלע אידן בכלל זיינען שלוחים של הקב"ה, זיינען

---

43) עשרה מאמרות מאמר אם כל חי ח"ב פל"ג. של"ה כ, ב. שא, ב. ובכ"מ.

44) תניא רפ"ב.

45) ראה אגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"ד ע' תז.

46) ראה שעהיוה"א פ"ט.

47) בראשית א, לא.

48) ל' חז"ל — שבת י, א. קיט, ריש ע"ב.

49) תהלים צה, ו. פדר"א פי"א. זח"א רכא, ב. ועוד.

50) וכמאחז"ל לפיכך נברא האדם יחידי ללמדך שכל אדם הוא עולם מלא (משנה סנהדרין לז, א).

51) ר"ה טז, א. לד, ב.

52) תפלת העמידה דר"ה (חתימת ברכת „אלקינו כו' מלוך כו'"), וכן בקידוש ובברכת ההפטרה.

53) ראה פרש"י ר"פ בהר.

בפרטיות פאראן די וועלכע האבן (בהשגחה פרטית) זוכה געווען און מ'האט זיי בוחר געווען צו זיין שלוחים ושלוחי שלוחים כו' — פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (וועלכע האבן זיך איצטער צוזאמענגעקליבן אין דעם כינוס השלוחים העולמי), מיטן תפקיד צו מגלה זיין ווי אַלע אידן זיינען שלוחים פון דעם אויבערשטן.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז בא די שלוחים פון נשיא דורנו שטייט נאכמער בהדגשה ובגלוי די שליחות פון „אליעזר" צו גיין אין „פדן ארם" און אויפטאן דעם ביטול היש לאין, וואס ברענגט דעם גילוי פון „טוב מאד", אנהויבנדיק בא זיך אליין — דורך מאכן זיך אויס מציאות און זיין אינגאנצן בטל צו דעם משלח, ביז ער ווערט שלוחו של אדם כמותו ממש (אז מ'קען עס אנטאפן מיטן חוש המישוש בגוף הגשמי).

ועד"ז בנוגע צו עבודתו אין וועלט — צו מבטל זיין ישות העולם, און מברר ומעלה זיין מציאות העולם, ביז מאכן דערפון א דירה צום אויבערשטן.

און גלייך בתחלת היציאה אין דער שליחות באקומט מען די שבועה („ואשביעך")[54], אויך מלשון משביע[55] — אז מ'זעטיקט אים אן מיט אלע נויטיקע כחות צו דורכפירן זיין שליחות.

ז. עפכ"ז האבן די שלוחים א געוואלדיקן לימוד בנוגע צו זייער תפקיד:

דורך יעדער **פעולה** (**אפילו א פעולה** הכי קטנה) פון א שליח אין אויפטאן דער ביטול היש לאין — מאכט ער אויף א זאך וואס איז נאך גרעסער פאר „מעשה שמים וארץ"!!

און כאטש אז דער שליח אליין, ועאכו"כ די שלוחים און אידן אין די דורות שלפני זה, האבן שוין אויפגעטאן דורך עבודתם דער ענין הביטול מיש לאין — איז כל זמן וואס אין מציאות העולם הערט זיך נאך אן איר ישות (און מ'זעט ניט אלקות בגלוי במקום זה), איז א הוכחה אז מ'קען אויפטאן נאכמער ביטול היש[56].

נאכמער: לויט תורת הבעש"ט[57], אז התהוות יש מאין ווערט נתחדש בכל רגע ורגע מאין ואפס המוחלט (אזוי ווי די התהוות מאין ליש איז געווען בפעם הראשונה בתחלת מעשה בראשית[58]) — קומט אויס אז בכל רגע ווערט א נייער יש[59]; און דעריבער, יעדן מאל וואס א שליח (ע"י עבודתו) מאכט פון דעם יש

---

54) ועפ"ז מובן הטעם (פנימי) לשבועת אליעזר ע"י אברהם (נוסף להביאור במפרשי המקרא), אף שע"פ דין שליחות נעשית בלי שבועה ובלי עדות, שהרי שליחות הוא מהענינים ש„אין צריכין קנין ואין לקנין בהם טעם" (רמב"ם הל' מכירה פ"ה הי"א ועוד) — כי בנדו"ד ה"ז שליחות לקיים העבודה דעשיית דירה בתחתונים, ולזה צריכים השבעת כחות מיוחדים.

55) ראה ס' קיצורים והערות לתניא ע' נז.

56) ובודאי שע"י העבודה עד עתה נשתנה ונחלש ישות העולם. ואף ששינוי זה לא ניכר בגלוי (לרוב בני אדם) — ה"ז כמו הפעולה בגשמיות העולם ע"י קיום המצוות שלא ניכר שינוי גלוי לעיני בשר, שה"ז כ„מונח בקופסא" (הוספות באצילות כו'), ויתגלה לע"ל (וראה אוה"ת בשלח ע' תעד).

57) שעהיוה"א פ"א.

58) ראה שעהיוה"א שם ופ"ג.

59) ויש לומר בעומק יותר שהפירוש פנימי בתורת הבעש"ט הוא להדגיש (נוסף על גודל הביטול של מציאות העולם, גם) חוזק ותוקף הישות דעולם הזה, עד כדי כך שמציאות היש נתחדש בכל רגע ורגע מחדש עם כל התוקף והכח של (התהוות ע"י) הקב"ה (כמו התהוות היש בפעם הראשונה — לפני כל ענין העבודה בביטול וזיכוך היש).

אין — איז דאָס אַ חידוש גמור, וועלכע איז גרעסער פאַר „מעשה שמים וארץ" (פון דעם יש) שנתחדש ברגע שלפני זה ושלפני זה וכו'.

ח. נאָך אַ לימוד פון שליחות אליעזר בקשר מיט נישואי יצחק ורבקה:

פון המשך הכתובים אין סוף פ' וירא איז פאַרשטאַנדיק, אַז נישואי יצחק ורבקה (בפרשתנו) קומט בהמשך צו עקידת יצחק — ווי רש"י איז דאָרט מפרש[60] (פאַרוואָס די תורה דערציילט וועגן לידת רבקה לאחרי עקידת יצחק): „בשובו מהר המורי' הי' אברהם מהרהר כו' הי' לי להשיאו אשה כו', בשרו הקב"ה שנולדה רבקה בת זוגו"[61].

ויש לומר הביאור בזה: בכדי יצחק זאָל צוקומען צו זיין שלימות דורך חתונה האָבן מיט רבקה'ן [וואָס דאָס איז שלימות מציאות האדם, כמ"ש „זכר ונקבה בראם ויברך אותם ויקרא את שמם אדם"[62]] — האָט ער פריער געדאַרפט האָבן די עלי' וואָס איז ביי אים צוגעקומען דורך דער עקידה[63].

דער ענין אין עבודה: בכדי עס זאָל זיין שלימות העבודה פון קיום השליחות צו מאַכן אַ דירה בתחתונים דאַרף מען האָבן די הקדמה ויסוד פון מסירת נפש[64] (דער ענין העקידה).

דערפון האָט מען אויך אַ לימוד מיוחד בנוגע צו דער עבודה פון שלוחי נשיא דורנו:

בכדי דורכפירן זיין שליחות בשלימות, דאַרף בּאַ דעם שליח זיין די הקדמה פון מסירת נפש (מסירת הרצון[65]) — אינגאַנצן זיך אָוועקלייגן צו דעם (רצון ה)משלח (ביטול מיש לאין), וואָס דעמולט ווערט ער כמותו דהמשלח ממש.

ועד"ז בנוגע צו פעולת שליחותו מיט אַנדערע אידן (צו מגלה זיין ווי זיי זיינען שלוחים של הקב"ה), דאַרף ער אויך אין זיי מגלה זיין דעם כח המסירת נפש וואָס יעדער איד האָט בטבע.

ולהוסיף, אַז דערפון וואָס לידת רבקה (און נישואי רבקה זייענדיק בת ג') איז געקומען לאחרי די מסירת נפש בּאַ דער עקידה — לערנט מען אָפּ, אַז מסירת נפש איז נוגע ניט נאָר צו אנשים נאָר אויך צו נשים און אפילו טף. [כידוע די הוראה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אַז מיט קינדער דאַרף מען לערנען אויך פרשת העקידה, וכיו"ב (שלא כדעת הטועים אַז דאָס וועט דערשרעקן אַ קינד כו'), וואָרום אַ אידיש קינד בטבע קען (פאַרשטיין און) פילן דעם ענין פון מסירת נפש. ואדרבה — ביי אים איז דאָס מער בגלוי ווי ביי אַן ערוואַקסענעם, ביי אַן ערוואַקסענעם בר שכל].

---

60) כב, כ.

61) וזהו לדעת רש"י (תולדות כה, כ) שבשעת העקידה הי' יצחק בן ל"ז שנים, ובו בפרק נולדה רבקה והמתין לה ג' שנים. וגם לפי הדיעה (ראה מפרשי סדר עולם פרק א. ע"פ תוד"ה וכן — יבמות סא, ב) שלידת רבקה היתה (י"א שנים) לפני העקידה — הרי מסדר הכתובים (שסיפור (ובשורת) לידת רבקה בא לאחרי העקידה), מובן שסיפור לידת רבקה נוגע בעיקר לאחרי ובהמשך להעקידה.

62) בראשית ה, ב. וראה זח"א קסה, א. — נוסף על המפורש (יבמות סג, א) כל אדם שאין לו אשה אינו אדם. ובזח"ג (ז, ב. ועוד) — „פלג גופא".

63) ראה אוה"ת בראשית (כרך ב (בהשמטות) תלב, סע"א ואילך) שקודם העקידה לא הי' יצחק יכול להוליד, וע"י העקידה ניתנה בו נשמה חדשה שמעלמא דדכורא ועי"ז נעשה ביכלתו להוליד.

64) ראה תניא ספמ"א (נח, א).

65) תו"א מקץ לו, ב. ועוד.

לאידך גיסא איז פארשטאנדיק, אז אע"פ וואס מסירת נפש איז דער יסוד והקדמה לעבודת ה', דארף דערנאך (אויך) זיין עבודה ע"פ טעם ודעת.

און א שליח האט דעם כח צו קענען מבחין זיין אין יעדן פאל לפי תנאי המצב ותכונות האדם, ווי ער זאל צו־גיין צו א צווייטן און וואס ער זאל ביי אים בעיקר ארויסרופן און מדגיש זיין: דעם ענין פון מסירת נפש, אדער דעם ענין פון טעם ודעת. אדער ביידע.

ט. האמור לעיל זיינען אייניקע נקו־דות וועלכע האבן א ספעציעלע שייכות צו דעם כינוס השלוחים העולמי וואס קומט פאר (אנהויבנדיק פון) דעם שבת:

מטרת הכינוס איז בכדי עס זאל זיין דער איש את רעהו יעזורו ולאחיו יאמר חזק[66], אז שלוחים וועלכע טיילן געמיינ־זאמע אינטערעסן און שאיפות, זאלן זיך צוזאמענרעדן און איינער דעם צווייטן שטארקן און ארויסהעלפן מיט סברות והצעות,

און אויך — אלע צוזאמען אננעמען החלטות טובות ווי מ'קען נאכמער צו־געבן אין אויספירן די שליחות בהתאם צום רצון המשלח, וואס א החלטה אנגענומען ברבים ובציבור (און דערצו — אין א מקום קדוש — א ביהכנ"ס וביהמ"ד, און א זמן קדוש — יום השבת) — האט א סך מער תוקף, וועלכע גיט צוגאב כח אין אראפברענגען דאס דער־נאך אין פועל ממש (ווי ערקלערט אין קונטרס החלצו[67]).

ובפרט ווען דאס קומט בקשר מיט א כינוס השלוחים העולמי, מכל מרחבי תבל, וועלכע נעמט ארום אלע מדינות און אלע מענטשן ותכונותיהם כו' בכל העולם כולו — במילא איז דאס דער גרעסטער און שטארקסטער ציבור ווי מעגלעך, דעריבער גיט דאס נאכמער תוקף און כח אין מקיים זיין די החלטות.

און נאכמער: וויבאלד אז די שלוחים זיינען בטל צום משלח, ביז צום משלח הראשון — דער אויבערשטער, בורא עולם ומנהיגו — קומט אויס, אז די שלוחים פון כל העולם כולו זיינען, יעדער פון זיי, בעל הבית אויף די גאנצע וועלט[68]. און דעריבער, ווען מ'קלייבט זיך צוזאמען אין א כינוס מיט אנדערע שלוחים מכל העולם, איז העצם כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו[69], ווערט יעדער שליח ווי א בעה"ב אויף כל העולם.

י. האט מען אין דעם די אלגעמיינע אנווייזונג און נתינת כח פון שליחות אליעזר אין היינטיקער פרשה — וואס האט א ספעציעלע שייכות (אפלערנונג) מיט א כינוס שלוחים העולמי (ווי מ'האט עס א נאמען געגעבן, בהשגחה פרטית):

כוונת ומטרת הכינוס איז ניט בלויז דער צוזאמענקלייבן זיך פון די שלוחים דא איצטער (דבר גדול ביותר מצ"ע), נאר בעיקר — אז יעדערער זאל מיט־נעמען די כחות פון דעם כינוס העולמי, צו דערנאך אומקערן זיך למקומו בעולם [מיט דעם פריילעכן גרוס אז ער קומט פון א כינוס וואו ער איז געווען צוזא־מען מיט שלוחים פון כל העולם כולו],

---

66) ישעי' מא, ו.

67) תרנ"ט — פ"י.

68) נוסף על זה שכל העולם נברא בשביל ישראל (פרש"י ר"פ בראשית). ועניין זה הוא בגלוי יותר בכינוס של שלוחים מכל מרחבי תבל, שכל א' פועל פעולתו בגלוי במקומו הוא.

69) כתר שם טוב הוספות סקט"ז.

און נאָכמער פאַרשטאַרקן קיום שלי־חותו, ביז באַין ערוך ווי ער האָט עס גע־טאָן ביז איצטער (אע"פ וואָס אויך ביז איצטער האָט ער אויפגעטאָן אַ חידוש שלא בערך, וואָס איז גרעסער פאַר „מעשה שמים וארץ", כנ"ל),

ביז אַז ער זאָל אויפמאַכן במקומו בעולם אַ „כינוס השלוחים העולמי":

הן בנוגע צו זיך אַליין (עולם קטן זה האדם[70]) — צוזאַמענקלייבן אַלע זיינע כחות, אַז ער זאָל זיין נאָכמער איבער־געגעבן ובטל צום (רצון ה)משלח[71],

והן בנוגע צו עיקר שליחותו — צו־זאַמענקלייבן אַלע אידן וואָס געפינען זיך דאָרט און אין זיי מגלה זיין ווי זיי זיינען שלוחים של הקב"ה, דורך פאַר־שפרייטן אידישקייט, תורה ומצוות, כולל הפצת המעינות חוצה, בּאַ די אידן וואָס געפינען זיך במקומו. און דורך דעם — אויפטאָן אַז כל פרטי העולם בחלקו בעולם ווערן צוזאַמענגעקליבן אין אַ נקודה אחת — „לכבודו של הקב"ה"[72], אַ דירה לו יתברך בתח־תונים.

ובמיוחד דורך דעם וואָס יעדער שליח וועט אויך האָבן (בויען אָדער קויפן) פאַר זיינע פעולות ומוסדות אַן אייגענעם בנין (ווי גערעדט לאחרונה בארוכה[73]), ומה טוב — מיט „איבע־ריקע" חדרים וואָס וועלן אַרויסרופן אַ רצון, ביז צו אַ הוספה בפועל אין די פעולות — וואָס דאָס גיט צו נאָכמער אין אויספירן מילוי (בשלימות) שלי־חותו ובאופן של קביעות והרחבה, אין מאַכן מקומו וחלקו בעולם — אַ דירה פאַרן אויבערשטן.

יא. ובכדי נאָכמער מוסיף זיין בכל זה — איז כדאי, אַז לפני סיום הכינוס, זאָלן אַלע שלוחים פאַרן אויפן ציון הק' פון דעם משלח, כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, און דאָרט לייענען אַ פ"נ כללי בחתימת כל השלוחים, און דאָס איבער־לאָזן אויפן ציון (באופן הנהוג).

וואָס דאָס וועט צוגעבן נאָכמער כחות וברכות והצלחות וכו' פון דעם משלח, ביז פון דעם משלח הראשון, דער אויבערשטער אַליין — מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה אין אַלע ענינים, ובמיוחד — אין מילוי השליחות צו מגלה זיין אלקות במקומו בעולם, מתוך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף וב־הרחבה, בבני חיי ומזוני רויחי.

יב. און דורך דעם וואָס יעדער שליח טוט זיין שליחות במקומו הוא בעולם דורך מאַכן אין דעם אָרט אַ „כינוס השלוחים העולמי" (כנ"ל) — שטעלן זיך צוזאַמען אַלע שלוחים און אַלע זייערע פעולות אַזוי אַז עס ווערט איין „גרויסער" שליח,

און דער „שליח" איז צו זיך מצרף אַ יו"ד — דעם אויבערשטן כביכול, דורך דעם וואָס ער שטייט (עומד ובטל[74]) אינגאַנצן בטל לה', ועי"ז ווערט ער שלוחו של אדם (העליון) כמותו ממש, און ביחד עם זה — נעמט דורך דער ביטול אַלע זיינע עשר כחות, אַז ער איז עובד עבודתו בשלימות, בשלימות פון אַלע כחות שלו, און ווי זיי זיינען דורכ־גענומען מיט עול מלכות שמים —

70) תנחומא פקודי ג. תקו"ז תס"ט.

71) וראה סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 82 ואילך.

72) אבות ספ"ו.

73) ח', ט' וי"א תשרי (לעיל ע' 16 ואילך). ועוד.

74) ראה לקו"ת נשא כ, ג. כב, ג. ובכ"מ.

ווערט דורך דעם (שליח בצירוף י') — „משיח"[75], דער גילוי פון יחידה הכללית[76], און דורך דעם — דער גילוי פון יחידה שבכאו"א מישראל, וואָס „יחידה לייחדך"[77], שלוחו של אדם כמותו ממש, און דער גילוי פון יחידה בכל העולם כולו — „אמיתת המצאו" דא למטה מטה, אַ דירה לו יתברך בתחתונים.

און עס ווערט „אלה (מראה באצבעו ואומר אלה) תולדות יצחק", ביז דעם עיקר „תולדה" פון יצחק — די גאולה האמיתית והשלימה, וועלכע איז פאַרבונדן במיוחד מיט יצחק, ליצחק יאמר „כי אתה אבינו"[78].

און נאָך פאַרדעם איצט ממש, בסוף זמן הגלות — האָט מען יצחק וצחוק בכל הענינים, ובפשטות — רב טוב גשמי ורוחני ורוחני וגשמי — גם יחד, ומתוך שמחה וטוב לבב.

---

75) ראה בארוכה שיחות: ליל שמח"ת תשמ"ו. ש"פ חיי שרה תשמ"ו (לקו"ש חכ"ה ע' 326 ואילך). ש"פ וירא תשמ"ח (סה"ש תשמ"ח שם ע' 81 ואילך) ס"ג.

76) רמ"ז לזח"ב מ, ב (נדפס במק"מ קמז, ב). ולזח"ג רס, ב (מק"מ קצ, ב). ל"ת להאריז"ל בראשית עה"פ ויתהלך חנוך. ועוד. וראה סה"מ תרצ"ט ע' 207. ובכ"מ.

77) פיוט דהושענות (יום ג').

78) שבת פט, ב. וראה תו"א כא, ג. ועוד.



## שיחת יום ב' פ' תולדות, כ"ז מרחשון ה'תשמ"ט

לרגל כינוס השלוחים העולמי

א. צום אלעם ערשטן — „פותחין בברכה"[1]: אפדאנקען די אלע וואס האבן געוואונטשן אלע גוטע זאכן, אין צוזאמענהאנג מיט פארשידענע געלעגנהייטן,

ובמיוחד — אין צוזאמענהאנג מיט די שלוחים וועלכע זיינען געקומען אויף דעם כינוס, און כמה מהם האבן געבראכט מיט זיך בריוו פון נאך אידן וואס האבן דאס איבערגעגעבן דורך זיי (ווייל זיי האבן אליין ניט געקענט קומען וכיו"ב) —

און „כל המברך מתברך"[2], בברכתו של הקב"ה וואס „תוספתו מרובה על העיקר"[3], בטוב הנראה והנגלה, ותיכף ומיד ממש, ובכל המצטרך, און נאך מערער וויפל זיי ווינטשן זיך אליין, ווייל ס'איז — „מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה"[4].

*

ב. מ'שטייט איצטער בא דעם סיום פון א „כינוס שלוחים עולמי".

דערפון איז פאראן א לימוד פאר יעדער אידי[5]: דער לשון „כינוס שלוחים עולמי" דריקט אויס אויך דעם כללות ענין השליחות ווי ס'איז דא בא יעדער אידן, נוסף צו דעם ענין השליחות בא די פרטיות'דיקע שלוחים (וואס זיינען זיך משתתף אין דעם כינוס).

ובפרט אז דער נאמען פון דעם כינוס איז „כינוס שלוחים עולמי" (מ'האט מוסיף אדער עכ"פ מדגיש געווען דעם ווארט „עולמי"). וואס דער ווארט „עולמי" איז מעורר וועגן יעדער איד'ן בתוך כלל ישראל (ובמיוחד די וואס האבן באקומען זייער חינוך דורך די שיחות ומאמרי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו), ווייל „את העולם נתן בלבם"[6].

ג. והביאור בזה: אזוי ווי התורה כללות ופרטות נאמרה[7], אזוי איז אויך אין דעם ענין ה„שליחות" — כללות ופרטות נאמרה.

כללות ענין שליחות:

„תורה צוה לנו משה, מורשה קהלת יעקב"[8] — צו יעדען אידן ווענדן זיך כל הענינים וואס שטייען אין תורת משה. און איינער פון די ענינים עיקריים וואס שטייען אין תורה איז — אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני[9]. וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס א איד נעמט אויף זיך די שליחות אויף וועלכע זיין נשמה איז געשיקט געווארן מלמעלה

1) נסמן בלקו"ש חכ"ד ע' 641 הערה ד"ה פותחין בברכה.

2) ראה סוטה לח, ב. ירושלמי ברכות ספ"ח. הובא בתוד"ה ואברכה — חולין מט, א.

3) ב"ר פס"א, ד. וראה בארוכה לקו"ש ח"ה ע' 422 ואילך.

4) ברכה שלישית דבהמ"ז.

5) ראה כתר שם טוב הוספות סקי"ט ואילך. סקכ"ז ואילך. לקו"א להה"מ סרי"ג (נב, א).

6) קהלת ג, יא.

7) ראה תניא בהקדמה (ג, ב). וראה חגיגה י, ב.

8) ברכה לג, ד.

9) משנה ובריי תא סוף קידושין.

(„נשמה שנתת בי טהורה היא, אתה בראתה כו׳ אתה משמרה בקרבי״[10]) — „לשמש את קוני״.

ובפרט, בשעת א איד טראַכט וועגן דעם וואָס ער זאָגט פאַרן איבערשטן דריי מאָל א טאָג בתפלתו, „ונפשי כעפר לכל תהי״[11], איז דאָך פאַרשטאַנדיק אַז זיכער מיינט ער דאָס, און במילא דאַרף עס משפיע זיין אויף לאחרי זה. ובפשטות, אַז ער פילט ווי ער איז בטל („ונפשי כעפר״) און ווי צו אים ווענדן זיך אַלע עניני תורה ומצוות.

אין וואָס באַשטייט די שליחות פון „לשמש את קוני״? זאָגט מען אויף דעם דער ביאור, אַז דאָס איז די עבודה פון מתקן זיין את העולם כדי אַז עס זאָל זיין א דירה לו ית׳ בתחתונים[12].

און דערביי איז מען מדגיש „תחתונים״ ל׳ רבים, אַז דאָס מיינט ניט נאָר אים אַליין, אָדער נאָר זיינע נכסים, אָדער זיינע בני בית וכו׳; „תחתונים״ ל׳ רבים מיינט כל העולם כולו, ביז אין אַלע פרטים ופרטי פרטים. וואָס דאָס ווערט אויפגעטאָן דורך דעם וואָס א איד פירט זיך לויט ווי תורה ווייזט אָן און איז אים מסביר ווי צו פירן זיך, כדי צו מאַכן א דירה לו ית׳ בכל עולם הזה התחתון.

אין איינפאַכע ווערטער: דער אויבערשטער האָט איינגעשטעלט אַז יעדער איד בכל יום ויום וואָס ער לעבט אַלס נשמה בגוף, זאָל האָבן אויף זיך די שליחות צו טאָן און אויסנוצן כל כחות הנפש וואָס ער האָט ב„מזומן״ (אַלס א נשמה בגוף) אויף מאַכן אַז דער אויבערשטער זאָל שוכן זיין בכל עולם הזה התחתון.

ד. און אין דער שליחות —׳ פון מאַכן א דירה לו ית׳ בתחתונים — גייען אַריין אַלע אידן — אנשים נשים וטף, אַז אויב זיי פירן זיך־אויף ווי עס שטייט אין שו״ע, מאַכן זיי דורך דעם א דירה לו ית׳ בעולם הזה התחתון.

וואָס דאָס רעדט זיך אפילו וועגן א מענטשן וואָס ער איז ניט קיין עסקן ציבורי, און בכלל א מענטש וואָס לעבט פאַר־זיך (מאיזו סיבה שתהי׳), ביז וואַנעט אַז ס׳רעדט זיך אפילו וועגן א קליין קינד וואָס איז נאָך פאַר בר־מצוה אָדער בת־מצוה, ווי ערקלערט אין תורה בארוכה ובפשטות, כדי אַז ס׳זאָל זיין פאַרשטאַנדיק אפילו צו א פשוט׳ן איד (אויף וויפל א איד קען זיין „פשוט״).

ווי אַזוי קען יעדער איד, און אפילו א קליין קינד בפשטות [אָדער א „קליין קינד״ אין הבנה והשגה (אָבער אין יאָרן — האָט ער שוין א ווייסע באָרד)], מאַכן א דירה לו ית׳ בתחתונים?

איז דער ביאור בזה מובן בפשטות: ס׳איז א דין אין רמב״ם[13] אַז „צריך כל אדם שיראה . . כל העולם כולו חציו זכאי וחציו חייב . . עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה״!

און דער דין איז פאַרשטאַנדיק אין שכל הפשוט (ופשיטא אַז ס׳איז ניט אַן ענין של „גזירה גזרתי״), ווייל אין שכל הפשוט (אפילו פון א קינד) איז פאַרשטאַנדיק אַז בשעת מ׳וועט מוסיף זיין

10) נוסח ברכות השחר.

11) תפלת שמו״ע — אלקי נצור.

12) ראה תניא פל״ו.

13) הל׳ תשובה פ״ג ה״ד.

אַז איין־און־איינציקע נקודה לצד אחד אויף אַ „משקולת" (אַ וואָג, מאזנים) וועלכע איז שקול — מחצה אַזוי און מחצה אַזוי — וועט דאָס מכריע זיין די גאַנצע וואָג (לצד אחד). ועד"ז איז פאַר־שטאַנדיק אין שכל אַז הכל הולך אחר הרוב.

וואָס דאָס איז פאַרשטאַנדיק אין שכל אנושי אפילו פון אַ ניט־אידן, ועאכו"כ פון אַ אידן [ווייל ס'רעדט זיך וועגן אַ הודעה פון תורת אמת, וואָס זי איז „דבר ה'", צו דעם „חלק אלוקה ממעל ממש"[14], ווערט דאָך אַ יחוד נפלא שאין כמוהו נמצא כלל, צווישן די הודעה (דבר ה') מיט יעדער אידן].

ועי"פ ביאור זה — ווי אַזוי אַ מעשה אחד פון יעדער איד קען ברענגען ישועה והצלה לכל העולם כולו — גיט דאָס אויך אַ פאַרשטאַנד ווי אַזוי יעדער איד קען זיין אַ שליח אויף לעשות לו ית' דירה בתחתונים, בכל העולם כולו.

ה. ע"פ כל הנ"ל, איז מובן די נקודה ה„עולמי" אין דעם ענין ה„שליחות" בכללות —

דאָס וואָס יעדער איד, ועאכו"כ כלל ישראל, האָט אויף זיך די שליחות צו מאַכן אַ דירה לו ית' בתחתונים, תחתו־נים ל' רבים, בכל עולם הזה התחתון — „עולמי".

ו. עד"ז איז דאָ דער ענין ה„שלי־חות" בפרטות (ופרטי פרטיות):

צווישן אידן עצמם זיינען פאַראַן אויסגעקליבענע אידן וואָס בּאַ זיי איז דער ענין השליחות מער בהדגשה און מער בגלוי.

ביז וואַנעט אַז ס'איז דאָ אַזוינע וואָס מ'האָט בהשגחה פרטית אויסגעקליבן און ממנה געווען אַלס אַ שליח צו נאָך אַ קבוצה פון אידן, אַמאָל גאָר אַ גרויסע קבוצה, אָדער צו אַ גאַנצע שטאָט אָדער אַ גאַנצע מדינה, וכיו"ב.

און מ'האָט זיי זיכער געגעבן כחות כדי זיי זאָלן קענען דורכפירן זייער שליחות, און דורכפירן דאָס בשלימות.

וואָס זייער שליחות עיקרית באַ־שטייט אין דעם, וואָס זיי דאַרפן מעורר זיין און אויפוועקן די אידן מיט וועמען זיי טרעפן זיך — אַז זיי (די אידן) זאָלן זיך דערמאָנען אויף זייער שליחות, און אויפוועקן אין זיך די כחות וואָס זיי האָבן אויף צו דורכפירן די שליחות זייערע.

טאַקע, אָנהויבנדיק פון זיך אַליין און פון די אייגענע בני בית, אָבער דערנאָך אויך באַ די אידן ארום, ביז — „מי שיש לו מנה רוצה מאתיים"[15] — גיין און מוסיף זיין אַלץ מערער און מערער (ויש להאריך בכגון זה).

ז. און אין דער שליחות איז דאָ אַן ענין „עולמי" בפרטות — כמדובר לעיל (ס"ב), אַז דער כינוס השלוחים ווערט אָנגערופן „כינוס עולמי":

אמת טאַקע, עס דאַרף זיין קשוט עצמך תחילה[16], אָבער דערנאָך דאַרף ער טראַכטן וועגן דער גאַנצער וועלט, ועאכו"כ, אַז מ'האָט אים צוזאַמענגע־קליבן אין אַ „כינוס" און מ'האָט אים מודיע געווען אַז דאָס איז אַ „כינוס עולמי", אַז דאָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט.

---

14) תניא רפ"ב.

15) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י.

16) ב"מ קז, ב.

וואס דער פירוש אין דעם („כינוס שלוחים עולמי״) איז ניט נאר אז דער שליח איז א טייל פון דער וועלט, אבער ער האט א שייכות נאר מיט אט דעם טייל וועלט; נאר דורך דעם וואס ער איז א טייל פון דער וועלט — באקומט ער א שייכות צו כל העולם כולו.

און א שייכות ניט נאר מצד דעם וואס ער האט דעם חלק און זכות אין דעם וואס די וועלט ווערט א דירה לו ית׳ בתחתונים, נאר — ער האט א טייל, ביז א טייל ממש — א השתתפות — אין די פעולות אין אידישקייט וואס ווערן אויפגעטאן אין א פינה נידחת, א פינה רחוקה, פון דער וועלט, אן ארט אין וועלכע ער איז קיינמאל ניט געווען, קיינמאל ניט געשיקט אהינצו קיין בריוו־לעך וכו׳.

ח. והביאור בזה:

דורך דעם וואס דער שליח רעדט מיט א אידן במקומו הוא, און דער איד האט דערנאך איבערגעזאגט דעם ווארט צו א צווייטן אידן א.א.וו., וועט דאס סוכ״ס אנקומען דערנאך אויך צו א אידן וואס געפינט זיך אין א פינה נדחת, און דאס וועט האבן אויף אים א ווירקונג.

ווייל דער ווארט איז דאך גענומען געווארן פון תורה, אדער פירושי התורה, אדער פון א פרט שבתורה וכו׳, איז במילא פארשטאנדיק אז דער ווארט וועט סוף־כל־סוף פועל זיין פעולתו, און פועל זיין בהתאם צו דעם פון וועמען דער ווארט שטאמט, וואס דאס איז דער אויבערשטער אליין, דער מקור ראשון פון דעם ווארט.

און דערפאר, איז אע״פ וואס דער־נאך ווערט דער ווארט איבערגעזאגט דורך די תנאים ואמוראים, און גדולי ישראל שבכל דור ודור, ביז אז דאס ווערט איבערגעזאגט דורך א מלמד דרדקי פון א בן חמש למקרא, וואס זאגט איבער דעם ווארט צו א קליין קינד (א אינגעלע אדער א מיידעלע), און דערנאך גייט דער ווארט א דורך, דורך א פיצל קינד

— אעפ״כ, וויבאלד אז דאס רעדט זיך וועגן א ווארט וואס ווערט געזאגט (אפילו) דורך א פיצל (אבער א אידישן) קינד וואס האט א נשמה וואס איז א „חלק אלוקה ממעל ממש״, איז פאר־שטאנדיק ווי אזוי דער ווארט פועל׳ט אויף מיטן גאנצן שטורעם.

און ווי געזאגט פריער (ס״ד), אז אע״פ וואס דאס איז לכאורה א גוזמא הכי גדולה: ס׳קומט צו פארן א יונגערמאן אדער א פרוי, א מיידל אדער אן אינגל אלס א שליח במקום מסויים, און מ׳זאגט, אז דורך זיין זאגן א ווארט במקום מסויים וועט ער איבערקערן א וועלט, און ער וועט מכריע זיין און ברענגען תשועה והצלה לכל העולם כולו!

מ״מ, לויטן ביאור הפשוט אין דעם ווערט דאס פארשטאנדיק אין שכל הפשוט, און אפילו ביי ניט אידן, ועאכו״כ ביי אן „עם חכם ונבון״[17], כמדובר כמה פעמים.

ט. ועפ״ז איז פארשטאנדיק אז ער האט א חלק אין דער פעולה בפינה נדחת שבעולם, ווייל:

ווען דער ווארט קומט אן צו יענעם אידן וואס געפינט זיך בפינה נדחת — וועט מען זאגן: וועמענס ווארט איז דאס? דאס איז דער ווארט פון אט דעם

---

17) ואתחנן ד, ו.

ערשטן אידן (דער שליח), וואָס איז כלול אין דעם וואָרט וואָס איז אָנגע־קומען צו דעם אידן וואָס געפינט זיך בפינה נדחת, און דעריבער האָט דער שליח דורך דעם אַ חלק ממשי (בגש־מיות, ביז בחומריות) בהפצת היהדות, און (אין דעם צווייטן נוסח) אין מאַכן אַ „דירה לו ית'", אין יענער פינה נדחת.

ווי פאַרשטאַנדיק אויך בפשטות: מצד דעם וואָס יענע פינה נדחת איז גע־וואָרן אַ דירה צום אויבערשטן, איז דאָך ניט שייך דאָרטן זאָגן קיין התחלקות אמיתית, ווייל „העצם כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו"[18], דערפאַר איז פאַרשטאַנדיק בפשטות, ווי דער (שליח) וואָס זאָגט דעם וואָרט האָט אַ חלק אין דער דירה וואָס איז געוואָרן — דורך דעם וואָרט — אין יענער פינה נדחת,

אע"פ וואָס ווען ער האָט געזאָגט דעם וואָרט (דעם ערשטן מאָל) האָט ער ניט געוואוסט און אפילו ניט געהאַט קיין השערה אַז זיין וואָרט וועט סוף־כל־סוף אַהינצו אָנקומען.

*

י. המדובר לעיל — וועגן דער שלי־חות פון יעדן אידן צו מאַכן אַ דירה לו ית' בתחתונים — האָט אַ שייכות מיוחדת מיט פרשת השבוע (כידוע[19] אַז מ'דאַרף „לעבן מיט דער צייט"), פרשת תולדות, און אין דער פרשה גופא — מיט חלק הפרשה וואָס האָט אַ שייכות צו דעם טאָג אין וואָך, ובענינינו — יום שני פון פרשת תולדות.

אין דעם סיום פון דעם שיעור חומש שטייט[20]: „ויזרע יצחק בארץ ההיא וימצא בשנה ההיא מאה שערים, ויבר־כהו ה'".

והענין בזה, ובהקדים אַז יצחק אבינו צייכנט זיך אויס דערמיט (ווי ער זאָגט אין מדרש[21]) וואָס ער איז דער ער־שטער (אויך פון די דריי אבות) וואָס „נימול לשמונה".

אברהם אבינו איז נימול נאָכדעם וואָס רוב ימי שני חייו זיינען שוין דורכגע־גאַנגען[22], ובמילא איז רוב עבודתו גע־ווען קודם שנימול; משא"כ בא יצחק'ן האָט זיך זיין עבודה אָנגעהויבן לאחרי המילה לשמונה.

והענין:

דער רמב"ם איז מבאר (אין מורה נבוכים[23]) אַז דאָס וואָס מילה איז אָפּ־געלייגט געוואָרן אויפן אַכטן טאָג, איז דאָס ניט מצד אַ סיבה צדדית, נאָר ווייל קודם דעם אַכטן טאָג איז ניט מעגלעך דאָס טאָן;

אַזוי ווי אַ אידישער נפש איז אַ דבר הכי יקר, און מ'קען דאָס ניט אומקערן צוריק, איז דערפאַר לייגט מען אָפּ די מילה ביז ווען ס'איז זיכער אַז ס'וועט ניט שאַטן דעם קינד ח"ו, וואָס דאָס איז בשעת „תחילת כניסת נפש זו הקדושה" (ווי עס שטייט אין דעם אַלטן רבין'ס שו"ע[24]),

אין אַנדערע ווערטער, גלייך ווען עס הויבט זיך אָן זיין חיים בפשטות אַלס אַ

18) כש"ט הוספות סקט"ז.

19) „היום יום" ב' חשון. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך.

20) פרשתנו כו, יב.

21) ב"ר פנ"ה, ד.

22) ראה לך יז, כד.

23) ח"ג ספמ"ט.

24) או"ח מהד"ת סר"ס ד.

נשמה בגוף (בשעת „תחלת כניסת נפש זו הקדושה") — נאך אײדער ער ווערט א מחוייב בהמצוות — קומט תיכף דער ענין המילה, וואס טוט אויף דעם קשר, ביז וואנעט אז ס'ווערט איין זאך ממש — זיין גוף, „בריתי בבשרכם"[25], מיטן אויבערשטן כביכול.

[און דער קשר איז פאראן אויך בא נשים, ווי די גמרא זאגט[26] אז „אשה כמאן דמהילא דמיא": דער „מהילא" בא זיי איז פונקט אזוי ווי ביי א זכר, כמדובר כמה פעמים דער ביאור הדבר בזה, ואין כאן המקום].

ד.ה. מצות מילה דריקט אויס די עבודה פון מאכן א „דירה לו ית' בתחתונים", אז די דברים גשמיים זאלן זיין פארבונדן מיטן אויבערשטן, עד כדי כך אז קדושה נעמט זיי דורך, און זיי ווערן א דבר קדוש.

[וכידוע[27] אז מצות מילה איז די איינציקע מצוה קודם מתן תורה וואס האט פארבונדן א דבר גשמי מיט קדושה, און אין אן אופן אז עס איז א נקיטת חפץ של קדושה (בדוגמא ווי לאחרי מתן תורה), משא"כ שאר ענינים גשמיים[28]].

און דערפאר, כדי מ'זאל קענען מאכן א דירה לו ית' בתחתונים, דארף פריער זיין בדוגמת זה אין דעם אידן, אז וועץ זיין גוף ווערט א דירה צו זיין נשמה, וואס דאס איז ווען ער ווערט אלט אכט טעג, דעמולט קען ער טאן די עבודה פון מאכן א דירה בתחתונים פארן אויבערשטן — קיום מצות מילה.

און דאס איז ענינו פון יצחק:

יצחק איז געווען דער ערשטער פאר מתן תורה (אײדער ס'איז געווארן די עבודה פון ממשיך זיין קדושה אין די דברים גשמיים — דירה לו ית' בתחתונים) וואס זיין עבודה האט זיך אנגעהויבן מיט מצות מילה — מאכן א דירה לו ית' בתחתונים (און דערנאך איז געקומען זיין גאנצע עבודה במשך ימי חייו).

יא. על פי זה וועט זיין פארשטאנדיק דאס וואס עס שטייט „ויזרע יצחק בארץ ההיא וימצא בשנה ההיא מאה שערים ויברכהו ה'":

אע"פ וואס עס איז געווען „הארץ קשה והשנה קשה"[29], תחתון שאין תחתון למטה הימנו, מ"מ ניט קוקנדיק וואס פאר אן ארץ און וואס פאר א שנה עס זאל נאר זיין, איז — „ויזרע יצחק", יצחק האט פארזייט אן קיינע חשבונות — צי ער וועט מצליח זיין, אדער ס'איז א ספק צי ער וועט מצליח זיין, ווארום בא יצחק (דער ראשון שנימול לשמונה) איז בהדגשה די עבודה פון מאכן א דירה בתחתונים, כנ"ל.

ולהוסיף, אז דאס איז בהתאם צו זיין נאמען יצחק (ווי דער פסוק איז (מפרש) מדגיש — „ויזרע יצחק"), ע"ש — „כל השומע יצחק לי"[30] — מ'האט הנאה צו א קוק טאן אויף אים, ווארום מ'זעט א קינד וואס דער אויבערשטער האט באשאפן זיין גוף און אים אראפגעשיקט א נשמה, „נשמה שנתת בי טהורה היא", כדי ער זאל מאכן א צחוק צום אויבערשטן, ובסגנון אחר — א דירה לו ית' בתחתונים.

---

25) לך יז, יג.

26) ע"ז כז, א.

27) ראה תוד"ה האי דיינא — שבועות לח, ב. פרש"י עה"פ חיי שרה כד, ב.

28) בכ"ז ראה לקו"ש חט"ז ע' 213. וש"נ.

29) פרש"י עה"פ.

30) וירא כא, ו.

און אַזוי איז אויך דער לימוד לכאו"א אין זיין עבודת השליחות פון מאַכן אַ דירה לו ית' בתחתונים, אַז דאָס דאַרף געטאָן ווערן בלי קיינע חשבונות, אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן אַן ארץ קשה, אעפ"כ, אַזוי ווי אין שו"ע שטייט אַז מ'דאַרף טאָן — טוט ער אַזוי.

ביחד עם זה איז פאַרשטאַנדיק, אַז הגם וואָס די פעולה עצמה דאַרף זיין געטאָן אָן קיינע חשבונות, אעפ"כ, איז דאָס ניט אין אַן אופן אַז דער אויבערשטער זאָגט: דו דאַרפסט טאָן, און וואָס וועט זיין דערנאָך איז דיר ניט נוגע; נאָר פאַרקערט —

תורה דערציילט אים, אַז דער אויבערשטער איז אים מבטיח, אַז ניט קוקנדיק אין וואָס פאַר אַן ארץ און וואָס פאַר אַ שנה ער האָט פאַרזייט, איז „ויברכהו ה'" — דער אויבערשטער בענטשט אים, און מיט אַ ברכה וואָס נעמט אַרום אַלע ברכות, וואָס בכללות איז דאָס מאה ברכות [און דערפאַר איז דער דין בשו"ע[31] אַז יעדער איד דאַרף זיך משתדל זיין בכל יום (אפילו בשבת וביום הכפורים וכיו"ב) צו מאַכן לכל הפחות מאה ברכות] — „וימצא מאה שערים".

ד.ה. אַז די ברכה — וואָס קומט דורך דער עבודה פון אַ יחיד, יצחק — טוט אויף און איז כולל אין זיך די גאַנצע וועלט וכוללת כל הברכות כולם. ובפרט ווי רש"י איז דערנאָך מפרש (און אַז רש"י ברענגט דאָס אַראָפּ איז דאָס אַ הוכחה אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט פשוטו של מקרא) אַז „ורבותינו אמרו, אומד זה למעשרות הי'", אַז דאָס איז צען מאָל מאה! — אלף.

און בשעת מ'האָט אלף, ווערט דעמולט אַ נייער סדר אין אַ נייער וועלט, כאילו ווי מ'האָט איבערגעמאַכט די גאַנצע וועלט מתחילתה,

וכידוע אַז מספר אלף ווייזט אויף אַ נייער סדר ודרגא[32], ביז אַ נייע „וועלט". ביז אַז אלף (טויזנט) איז אויך דער אַפּטייטש (אות) אל"ף[33], ווייל נאָכדעם וואָס מ'האָט אלף (טויזנט) [דורך דער עבודה פון יעדער פלוני בן פלוני (וואָס איז כולל סיי אנשים סיי נשים סיי טף, כמדובר לעיל (ס"ד ואילך)] הויבט זיך דאָס אָן פון אל"ף — אַ נייער סדר באופן הנהגת העולם.

און די אַלע ענינים וואָס ער האָט אויפגעטאָן ביז דעמולט, זיינען ניט ח"ו לא יחשבו, נאָר אדרבה, זיי ווערן אַ יסוד און אַ קומה תחתונה אויף וועלכע עס ווערט געבויט אַ קומה על גבה. און אַזוי איז בשעת ער טוט דאָס דעם צווייטן מאָל, ווערט דאָס אַ קומה שלישית, און אַ קומה רביעית, ביז אין־סוף קומות.

וואָס זיי אַלע ווערן נכלל אין די ד' עולמות אבי"ע. מ'הויבט אָן אויפטאָן אין עולם העשי', און לאחרי וואָס מ'איז משלים די עבודה בעולם העשי', קומט די פעולה אין יצירה און דערנאָך אין בריאה, ביז אין אצילות. און דערנאָך ווען ער האָט דעם ערשטן סדר השתלשלות פון עולמות אבי"ע בשלימות, הויבט זיך אָן דעמולט דער „עולם חדש ראה"[34], אַז ער האָט די עבודה פון

31) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סמ"ו ס"א.

32) ראה לקו"ת ברכה צג, ג ואילך. ס' הליקוטים־דא"ח צ"צ ערך מספרים, יחידות, עשרות וכו', ושי"נ. ד"ה ויקח מן הבא הש"ת. ועוד.

33) ראה ב"ר פ"א, י. ס' הערכים־חב"ד מערכת אותיות אות א' (ע' פה). ושי"נ.

34) ב"ר פ"ל, ח.

משלים זיין דעם סדר פון עשי' יצירה בריאה ואצילות שלמעלה מסדר אבי"ע שלפני זה, כמדובר כמ"פ.

יב. און אזוי ווי בא יצחק, אז דורך זיין עבודה אין מאכן א דירה לו ית' בתחתונים אן חשבונות איז געווארן „ויברכהו ה'", אזוי איז דאס בא יעדער איד, אז זיין עבודה אין מאכן א דירה לו ית' בתחתונים ובאופן פון גיין „מחיל אל חיל"[35], פון איין וועלט צו א נייע וועלט — ווערט געטאן מתוך בריאות הנכונה בגשמיות — אלע ברכות והצלחות, ובריאות ברוחניות — וואס בכללות איז דאס די ג' קוין שעליהם „העולם עומד על התורה ועל העבודה ועל גמ"ח"[36].

און אזוי גייט ער מחיל אל חיל אלס א נשמה בגוף, ביז וואנעט אז דאס ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה, און עס ווערט „לתקן עולם במלכות שד-י"[37].

וואס דעמולט, לאחרי גאולה האמי־תית והשלימה, באווייזט מען א איד וואס ער האט איפגעטאן בעולם הזה קודם הגאולה, און ווי דאס האט אים גע־האלפן און אים געבראכט צו דער גאולה האמיתית והשלימה,

און דעמולט הויבט זיך ערשט אן אן עבודה חדשה מיט א סדר חדש, שטייגן מחיל אל חיל ביז אין אן אופן פון אין סוף, ביז צו „יראה אל אלקים בציון"[35], „והוא יכוננה עליון"[38].

יג. בהמשך להמדובר לעיל בנוגע צו די ברכות וואס א איד באקומט פון דעם אויבערשטן (וכמדובר לעיל אין דעם שיעור חומש היומי — „ויזרע יצחק בארץ ההיא וימצא בשנה ההיא מאה שערים, ויברכהו ה'"), וועט מען דער־מאנען נאך אן ענין וואס רעדט זיך אין דער פרשה, אן ענין פון תוספת וריבוי ברכות און ווי דאס איז פארבונדן מיט כל העולם כולו („עולמי") — „ויתן לך האלקים מטל השמים ומשמני הארץ ורוב דגן ותירוש"[39].

ווי רש"י טייטשט אפ [וואס באווייזט אז ס'איז פשוטו של מקרא], „יתן ויחזור ויתן". וואס דאס אונטערשטרייכט דעם ריבוי ברכות שבזה — אז די ערשטע ברכה וואס מ'גיט א אידן איז „ויתן לך גו'", מיט א וא"ו המוסיף, אז מ'גיט אים מלכתחילה כפליים לתושי', ניט נאר אן ערשטע ברכה („יתן") נאר צוויי ברכות („יחזור ויתן")!

ביז אז די ברכה ותוספת ברכה איז כולל כל סדר השתלשלות כולו — סיי „מטל השמים" און סיי „משמני הארץ".

און עד כדי כך ווערט די ברכה (אין דעם פסוק) אן ענין כללי — אז דאס איז איינגעשטעלט געווארן, לויט מנהג ישראל תורה הוא[40], אין תפלת ישראל:

ווי אזוי הויבט מען אן די וואכעדיקע פעולות יעדער וואך? איז דאס לאחרי וואס מ'מאכט „הבדלה",

[להעיר, אז הבדלה איז אויך פאר־בונדן מיט די ד' עולמות; הבדלה האט אין זיך דעם ענין פון יין, נר, בשמים און הבדלה — כנגד די ד' עולמות].

ולאחרי „הבדלה" (און די ברכה אחרונה, אדער פאר ברכה אחרונה),

---

35) תהלים פד, ח.
36) אבות פ"א מ"ב.
37) נוסח „ועל כן נקוה".
38) תהלים פז, ה.

39) פרשתנו כז, כח.
40) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סו"ס קפ. סתרצ"ד סס"ז. לקו"ש חכ"ב ע' 56 הערה 2. ושי"נ.

זאָגט מען: „ויתן לך האלקים מטל השמים ומשמני הארץ ורוב דגן ותירוש".

און דערנאָך איז מען מסיים — לויט דעם נוסח פון דעם אַלטן רבי'ן (בסידו־רו — השוה לכל נפש) — מיטן ענין השלום, וואָס שלום כאן הכל כאן[41].

און נאָך פאַר דעם (פאַרן סיום) דער־מאָנט מען אויך וועגן דוד המלך, נוסף צו דעם וואָס מ'דערמאָנט דעם ענין הגאולה כמ"פ לפנ"ז (אין דעם נוסח פון „ויתן לך"), און דערנאָך איז מען מסיים (כאמור) מיטן ענין השלום, וכמה פעמים „שלום", און שלום פאַרבונדן דוקא מיט דוד'ן.

און ס'וועט דערנאָך אַ שלום בכל העולם כולו, אָנהויבנדיק פון דעם שלום אמיתי, וואָס דאָס איז די גאולה האמי־תית והשלימה ע"י משיח צדקנו, דורך דוד מלכא משיחא [ובפרט אַז נאָך אמירת „ויתן לך" קומט „סעודתא דדוד מלכא משיחא"].

ועוד וזה העיקר: אַז די אַלע ברכות קומען גלייך נאָך פאַר שבת נאַכט, און פאַר שבת, און פאַר פרייטאָג, און פאַר ז. וו. ביז פאַר אָנהייב וואָך; וויבאַלד אַז מ'האָט שוין דעם גאַנצן שטורעם פון דעם „ויברכהו הוי'", און אַ ברכה פון „מאה שערים", כולל דעם צווייטן אָפּ־טייטש אין דעם, צען מאָל (מאה) אַזוי־פיל. און דערנאָך אויך בהמשך הסדרה, „ויתן לך — יתן ויחזור ויתן" — איז פאַרשטאַנדיק, אַז דאָס קען שוין איצטער אַלץ מקויים ווערן,

ותיכף ומיד ממש, ומתוך שמחה וטוב לבב.

יד. דערפאַר וועט מען אויך מסיים זיין, כנהוג כמה פעמים, מיט דעם ענין הצדקה אין אַן אופן פון כפליים לתושי' (בהתאם צו „יתן ויחזור ויתן").

וואָס יעדער ענין פון כפליים איז דאָך פאַרבונדן מיט ענין הגאולה, כמבואר אין די מאמרים פון דעם רבי'ן מהר"ש[42] (מלכתחילה אריבער) בענין „אותיות כפולות", ווי לדוגמא דעם נאָמען פון „צמח צדק" וואָס איז פאַרבונדן מיט משיח'ס נאָמען — צמח שמו[43].

וואָס דורך דערמאָנען משיח'ס נאָמען — איז דאָס שוין מעורר ומזרז און ס'וועט „געבראַכט" דער וועמענס נאָמען מ'האָט דערמאָנט, וויבאַלד אַז מ'דערמאָנט אים באופן המיוסד ע"פ תורה, וואָס זי איז תורת אמת און (אויך) תורת חיים, הוראה בחיים,

ביז אַז מ'ברענגט אַראָפּ בפועל די גאולה ע"י צמח שמו, תיכף ומיד ממש.

און דעמולט גייט מען צוזאַמען מיט משיח'ן, און צוזאַמען מיט נשיא דורנו, וכל בני ובנות ישראל, אנשים ונשים וטף, אין אַן אופן פון „שמח" און „תשמח" און „הקהל",

און אין אַן אופן פון אַ „שנה תמימה" (שנת העיבור), אַז אַלע ענינים זיינען אין אַן אופן פון „תמים" מיט אַלע פירושים שבדבר, אָנהויבנדיק פון דעם פירוש בפשטות:

ס'וועט גאַנצקייט באַ יעדער אידן אין זיין לעבן סיי בגשמיות סיי ברוחניות: אַ גאַנצקייט אין זיין לעבן בנוגע לבני ביתו מיט זיין גאַנצער

---

41) ראה פרש"י בחוקותי כו, ו.

42) סה"מ תרכ"ז ע' טו. כ. תר"ל ע' ט.

43) זכרי' ו, יב־ג ובת"י שם.

קהילה, מיטן גאַנצן עם ישראל. ביז גאַנצקייט אין דער גאַנצער וועלט, אַז ס׳וועט „לתקן עולם במלכות שד־י״ — אַ וועלט וואָס איז גאַנץ מיטן אויבערשטן בורא העולם ומנהיגו.

עאכו״כ „תמימה״ לויט אַלע פירושים פון נשיא דורנו — וואָס ער איז געווען דער „מנהל פועל״ און פון די מייסדים פון „תומכי תמימים״, און פון כל עניני תמימות,

אָנהויבנדיק פון „תמימות״ בפשטות: אַ גאַנצקייט אין בריאות הגשמית, אַ גאַנצקייט אין בריאות הרוחנית, און גאַנצקייט אין אַלע נכסים.

ביז די „תמימות״ וואָס איז בהתאם צו אַ כינוס „עולמי״ (ווי דערמאָנט פריער ס״ב ואילך): מ׳קלייבט צוזאַמען די גאַנצע וועלט מיט זיך (וואָס דאָס האָט יעדער איד בכח), און דערנאָך גייט מען מיט דער גאַנצער וועלט, „בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותינו״[44] אנשים נשים וטף, „קהל גדול ישובו הנה״[45],

ותיכף ומיד ממש ווערט עס אַן אויסגעלייזטע וועלט אין אַן אופן הכי שלם והכי תמים, כמדובר לעיל.

וכמדובר — „ויברכהו הוי׳״, און מיט „מאה שערים״, „יתן ויחזור ויתן״,

ותיכף ומיד ממש.

[כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן לכל אחד ואחת מהשלוחים והשלוחות שיחיו ב׳ שטרות של דולר, על מנת לתת אותם (או חילופם) לצדקה. ואח״כ נתן כ״ק אדמו״ר שליט״א כנ״ל לכאו״א מהנוכחים שיחיו].

---

44) בא י, ט.

45) ירמי׳ לא, ז.



## משיחות ר"ח כסלו וש"פ תולדות, ג' כסלו ה'תשמ"ט

**א. דובר כמ"פ אודות מעלתו המיוחדת של חודש כסלו — שיש בו ריבוי ימים טובים[1] (שנתגלו[2] במשך הדורות עד לדורנו זה), הקשורים עם הגילוי דפנימיות התורה, ובמיוחד תורת החסידות.**

**ומהם — על סדר התגלותם במשך הדורות[3]:**

חנוכה[4] — **שנקבע על נס** השמן[5], **וידוע[6] ש"שמן" רומז על פנימיות התורה,**

י"ט כסלו — **חג הגאולה של רבינו הזקן[7], "ראש השנה לחסידות"[8],**

יו"ד כסלו — **חג הגאולה של אדמו"ר האמצעי, ועוד.**

**וכל ימים טובים אלו כלולים** בראש חודש כסלו, **שנקרא כידוע[9]** "ראש **חודש" (ולא תחלה), להיותו בדוגמת ה"ראש" שכולל ומנהיג כל אברי הגוף כו'.**

**ובעומק יותר — ע"פ המבואר במכתבו של אאמו"ר ז"ל[10] שחודש כסלו הוא חודש השלישי מתשרי, ע"ד ובדוגמת סיון חודש השלישי מניסן, שבו הי' מתן תורה, ולא עוד, אלא, שבחודש כסלו יש מעלה יתירה לגבי חודש סיון — כי, בחודש סיון הי' עיקר הגילוי דמתן תורה בנוגע** לנגלה **דתורה, ואילו בחודש כסלו הי' הגילוי** דפנימיות **התורה, כמודגש בימים טובים דחודש כסלו[11], כנ"ל.**

**ומזה מובן, שבבוא חודש כסלו (החל מר"ח כסלו) צ"ל הוספה יתירה בלימוד פנימיות התורה, בפרט תורת החסידות, כולל ובמיוחד הפצת המעיינות חוצה.**

**ועילוי מיוחד בשנה זו[12] — (א) שנת**

1) יותר משאר החדשים במשך השנה (לאחרי חודש תשרי, אותיות רשית, ה"ראש" לכל חדשי השנה). ויש לומר, שמצד ריבוי הימים טובים שבו נעשה כל החודש כמו יו"ט, ועד שפועל גם בחודש מרחשון שלפניו (**שאין בו אפילו יו"ט אחד** — ראה לעיל ע' 38) — שנחשב כמו ערב יו"ט.

2) ויש לומר, שגם לפני שנתגלו הי' בהם עילוי וזכות כו' (בהעלם), ע"ד מארז"ל (תענית כט, א. וש"נ) "מגלגלין זכות ליום זכאי".

ולהעיר ממ"ש **אאמו"ר** (לקוטי לוי"צ אג"ק ע' רכג) ש"כסלו" אותיות "כס לו", כיסוי לו, בחינת המקיף, שעפ"ז יומתק יותר שמעלת חודש זה היתה עוד לפני הזמן שנתגלו הימים טובים (כמרומז בשמו של החודש), אלא, שהיתה באופן של כיסוי והעלם, בבחינת מקיף.

3) אבל, לאחרי שנתגלו — קביעותם בימי החודש היא בסדר הפוך (הביאור בזה — ראה שיחת ש"פ ויצא תשמ"ב. יו"ד כסלו תשד"מ. תשמ"ה. ועוד. וראה לקמן הערה 39).

4) חנוכת חשמונאי בזמן בית שני. ועוד לפנ"ז — גמר והשלמת מלאכת המשכן (יל"ש מ"א רמז קפד).

5) ראה שבת כא, ב ובפרש"י.

6) ראה בארוכה אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך.

7) וקשור גם עם היותו יום ההילולא של המגיד (ראה לקו"ד ח"א קא, א. לקו"ש ח"י ע' 102. ועוד).

8) מכתב כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע — נעתק ב"היום יום" בתחלתו. אג"ק שלו ח"א ע' רנט. וש"נ. וראה לקו"ש ח"י ע' 224 ואילך.

9) ראה לקו"ת דרושי ר"ה נח, א ואילך. עט"ר שער ר"ה בתחלתו. ובכ"מ.

10) לקוטי לוי"צ — אג"ק ע' רה. ריז.

11) ובפרטיות: "הנס על נסתר דתורה הי' בי"ט ובכ"ט ובי' בכסלו, הרי כי הרבה נסים היו בחודש זה, שמספר כולם הוא פ"ג, כ"ה י"ט כ"ט י', והמקור והראשון לכולם הוא חנכה (בלא ו') שעולה המספר הנ"ל כו'" (לקוטי לוי"צ שם).

12) נוסף לכך שבכל שנה ושנה צ"ל עילוי והוספה לגבי השנה שלפנ"ז — כהציווי "מעלין בקודש" (ברכות כח, א. וש"נ). וראה אגה"ק סי"ד ש"בכל שנה ושנה יורד ומאיר . . אור חדש ומחודש

אין „פדה בשלום נפשי מקרב לי" זיינען פאראן צוויי פירושים ודרגות[50]:

א) דאס גייט אויף דעם שלום בזמן שלמה — וואס שלום הי' בימיו[51], לאחרי די מלחמות בזמן דוד („דם לרוב שפכת"[52]), און אזא שלום וואס מ'דארף לכתחילה ניט אנקומען צו מלחמות ווייל די גויים ווערן נתבטל ממילא. אבער אעפ"כ, בלייבט נאך דעמולט א רושם פון דעם „קרב" (מלחמה) וואס איז געווען בזמן דוד [כמובן אויך דערפון, וואס בכדי אריינגיין אין דעם ביהמ"ק שבנה שלמה (ווייל שלום הי' בימיו) — האט מען געדארפט אנקומען צו הזכרת זכות דוד[53]]. וי"ל הטעם לזה, ווייל דער שלום בזמן שלמה איז געווען אין אן אופן אז די גוים זיינען נתבטל געווארן מצד גילוי האור (אבער זיי זיינען ניט נהפך געווארן לקדושה)[54].

ב) תכלית שלימות השלום (של שלמה[55]) ווי ס'וועט זיין לע"ל, אז עס וועט ניט בלייבן קיין רושם פון דעם „קרב", ווייל די גויים וועלן (אויך) נהפך ווערן צו „אוהבים גמורים"[56], עס בלייבט נאר איבער דער עילוי וואס קומט ארויס פון דעם „קרב" — עבודת המטה, ובירור וזיכוך התחתון.

ויש לומר, אז וויבאלד אז בי"ט כסלו האט זיך אנגעהויבן דער עיקר ענין פון יפוצו מעינותיך חוצה[57] — וואס דורך דעם (הפצת המעינות חוצה) ווערט אתי מר דא מלכא משיחא[58] — איז דעמולט דא מעין פון תכלית השלימות אין „פדה בשלום נפשי" ווי ס'וועט זיין לע"ל — אז די מלחמה בעבודת הבירורים בסוף זמן הגלות זאל זיין בדרך מנוחה, דער חיבור פוןביידע מעלות: עבודת המטה (און ניט נהמא דכסופא), און באופן של שלום, אן קיין רושם פון דעם צער וטירחא פארבונדן מיט מלחמה.

ויש לומר, אז די העכערע דרגה אין „פדה בשלום נפשי" שטייט נאכמער בגלוי ובהדגשה אין שבת כ"ד כסלו — כידוע אז שבת איז ענינה שלום[59] ומנוחה, ביז — מעין[60] יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים[61] לע"ל.

ח. דער כח אויף דעם איז נאך שטארקער מצד פרשת השבוע — פ' וישב:

---

50) ראה ד"ה פדה בשלום בס' שערי תשובה לאדהאמ"צ (שער התפלה) פי"א (נה, ד ואילך). וראה ד"ה פדה בשלום תשל"ט (סה"מ — מלוקט ח"ג ע' כה). תשמ"א (שם ח"ב ע' קפא ואילך).

51) ראה דברי הימים־א כב, ט.

52) שם, ח.

53) שבת ל, א.

54) שערי תשובה שם. וראה ד"ה פדה בשלום תרע"ה (המשך תער"ב ח"ב ע' תשסט).

55) ועפ"ז יש לתווך ב' הפירושים שבפנים (ששניהם הובאו בשערי תשובה שם), שהרי שניהם קאי על שלמה שענינו שלום.

ועפ"ז י"ל הטעם שהרמב"ם מביא (בפיה"מ סנהדרין פ' חלק יסוד הי"ב) שמשיח יהי' „מבית דוד ומזרע שלמה" [דאם בא רק לשלול שאר בני דוד, הו"ל לפרש גם שם בנו של שלמה, שהרי גם שלמה היו לו כמה בנים] — כי: שלמה ענינו שלום, ותכלית שלימות השלום יהי' לע"ל. ולהעיר שמשיח נקרא שלום (מס' דא"ז פרק השלום).

56) שערי תשובה שם. וכמ"ש אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד (צפני' ג, ט).

57) ס' השיחות תורת שלום ע' 112.

58) אגרת הבעש"ט הידועה, נדפסה (גם) בכתר שם טוב בתחלתו.

59) כפי שנקרא ע"פ מנהג ישראל — „שבת שלום". ואומרים בליל שבת — „שלום עליכם מלאכי השרת כו' מלאכי השלום".

60) ראה המשך תרס"ו ע' תקמב. המשך תער"ב ח"ב ע' א'קכז. ועוד.

61) תמיד בסופה.

לכאורה איז ניט פאַרשטאַנדיק: דער נאָמען פון אַ פרשה דאַרף אַרויסגעבן דעם תוכן הפרשה, עכ"פ בכללות, עכ"פ תוכן התחלת הפרשה. בנוגע אָבער דעם נאָמען פון היינטיקער פרשה — „וישב" — וואָס דאָס באַדייט דעם ענין ההת־יישבות, איז דער תוכן הפרשה גאָר פונקט פאַרקערט, ווי רש"י איז אויף דעם מפרש, אַז „ביקש יעקב לישב בשלוה", ובפועל — „קפץ עליו רוגזו של יוסף", גלייך איז געוואָרן אַן ענין פון היפך ההתיישבות בתכלית — רוגזו של יוסף, ווי עס רעדט זיך אין דער פרשה וועגן מכירת יוסף וירידת יוסף למצרים וישיבתו בבית האסורים — אַלע ענינים וואָס זיינען דער סאַמע היפך פון התיישבות?!

איז דערפון גופא מובן, אַז וויבאַלד דער נאָמען פון דער פרשה איז „וישב" — גייט דאָס אויף אמיתית ושלימות. ענין ההתיישבות וואָס איז געווען בא יעקב, און דאָס איז קיין סתירה ניט צו „קפץ עליו רוגזו של יוסף" און צו תוכן הפרשה.

איז דער ביאור אין דעם: דוקא דורך דער ירידה פון „קפץ עליו רוגזו של יוסף", מכירת יוסף וירידת יוסף במצרים — איז צוגעקומען בא יעקב'ן דער אמיתית ענין ההתיישבות („וישב"), ווייל דאָס האָט געבראַכט אַז יעקב זאָל דער־נאָך גיין אין מצרים, וואָס דאָרטן איז געווען „ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה", ווי עס שטייט בכ"מ[62] אַז יעקב אבינו האָט געלעבט זיינע בעסטע יאָרן אין מצרים,

וכמבואר אויך אין זהר פרשתנו[63], אַז צוליב דעם וואָס „קפץ עליו רוגזו של יוסף" ווען יוסף איז געווען בן שבע עשרה שנה, האָט דער אויבערשטער אים דערפאַר אָפּגעצאָלט דערמיט וואָס „יהב לי' שבע עשרה שנין אחרנין דאת־קיים בארעא דמצרים בחדו ביקרא ובשלימו דכלא".

ד.ה. אַז ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז געווען אין מצרים — ערות הארץ[64] (די עבודה אין גלות) — איז ביי אים געווען „וישב" בהתיישבות[65], די בעסטע יאָרן, „בחדו ביקרא ובשלימו דכלא", און ווי עס שטייט אין אַ צווייטן אָרט אין זהר[66] — „בענוגין ותפנוקין והנאות וכסופין", וואָס זיי גייען אַלע אויף דעם ענין התענוג[67].

וואָס דאָס איז ע"ד המדובר לעיל, אַז אין אַ מצב של מלחמה און גלות, האָט מען שלימות המנוחה והשלום.

ט. והביאור בזה אין עבודת האדם — ע"פ המבואר אין די הערות פון דעם טאַטן אויפן זוהר[68], אַז יעקב גייט אויף די ז' מדות, און די דריי לשונות („בחדו", „ביקרא", „ובשלימו דכלא") גייט אויף בינה, חכמה און כתר, וועלכע

62) ראה בעה"ט ר"פ ויחי. לקו"ש ח"י ע' 160 ואילך. ושנ.

63) קפ, א.

64) מקץ מב, ט. יב.

65) וענין זה מרומז גם בכתוב „וישב יעקב בארץ כנען", ש„כנען" מורה על העבודה בגלות, שהיא באופן של „מסחר" (ובגלוי הוא „כנען" שפירושו „סוחר") שמשקיע ממון בכדי להרויח, וכן הוא בגלות — שהירידה למטה היא בכדי להרויח העלי' למקום שלמעלה ממקום הירידה (תו"א ריש פרשתנו).

66) ח"ב רטז, ב.

67) לקוטי לוי"צ לזהר פרשתנו שם (ע' קמו).

68) שם ע' קמה ואילך.

זיינען נמשך געוואָרן אין יעקב זייענ־דיק אין מצרים, און די פיר לשונות („בענוגין ותפנוקין והנאות וכסופין") גייען אויף די ד' מוחין, חכמה בינה און דעת (וואָס איז עולה עד פנימיות הכתר) וועלכע איז נחלק לשנים.

ובעבודה: אפילו ווען אַ איד [וואָס נשמת יעקב איז כלולה מכל הנשמות בישראל[69], און יעדער איד האָט אין זיך בחי' יעקב[70]] געפינט זיך אין „ארץ מצרים", אין (סוף) זמן הגלות [וואָס כל הגליות נקראות על שם מצרים[71]], און ער פאַרנעמט זיך מיט דער עבודה בבירור הז' מדות, די מלחמה מיט די שבעה אומות[72] (נאָך איידער ס'איז דאָ דער „ונשאתני"[73] אין ארץ ישראל בגאולה האמיתית והשלימה), האָט ער דעם כח אַז ביי אים זאָל זיין „ויחי" אין די בעסטע יאָרן (פון אַלע יאָרן אין גלות[74]),

און אין אַן אופן אַז אין זיין עבודת המלחמה בבירור הז' מדות, ווערט נמשך כח פון די ג' מוחין, און די ד' מוחין, ביז פון כתר און פנימיות הכתר — בחי' יחידה שבנפש, וואָס ענינה איז עבודה בדרך שלום ומנוחה („פדה בשלום נפשי") בתכלית השלימות[75] [ווי יעדער איד זאָגט בכל בוקר, „מודה אני לפניך כו' שהחזרת בי נשמתי", וואָס דאָס איז כולל אַלע פינף דרגות אין דער נשמה, נפש רוח נשמה חי' (ביז אויך יחידה)], וואָס דאָס גיט אַריין כח אין דער עבודה בבירור הז' מדות, אַז דאָס זאָל זיין בדרך שלום ומנוחה, אָן קיין טירחא כו'.

ובפרט לאחרי ווי מ'האָט די הבטחה פון נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר אַז ס'איז געבליבן נאָר „צו צופוצן די קנעפּ"[76], און דאָס האָט מען שוין אויך געטאָן, און עס דאַרף שוין זיין „לאלתר לגאולה"[77] — איז זיכער שוין ניטאָ קיינע ענינים וואָס שטערן די מנוחה פון אידן; וביחד עם זה האָט מען די עבודה פון אידן באופן של התיישבות בדרך שלום ושלוה — „וישב".

י. די מסקנא מכל הנ"ל — בנוגע למעשה בפועל:

שטייענדיק אין שבת כ"ד כסלו, ערב חנוכה[78], האָט מען די הוראה ונתינת כח אַז דער נצחון המלחמה קעגן אַלע

(69) אגה"ק ס"ז.

(70) ראה תו"א ר"פ וארא.

(71) ב"ר פט"ז, ד.

(72) כמבואר בד"ה אל תצר את מואב (מאמרי אדהאמ"צ דברים ח"א בתחלתו), שהעבודה בזמן הזה היא בעיקר בבירור הז' מדות, המלחמה עם השבעה אומות.

(73) כבקשת יעקב — ויחי מז, ל.

(74) כולל גם שבעים שנה בגלות בבל (לפני בנין בית שני), כמבואר בע"ח (שער מיעוט הירח פ"ב) — שמצב ספירת המלכות היתה אז בדרגא נעלית יותר אפילו ממצבה בזמן בית שני. ועפ"ז צ"ע אם יש לומר, שכן הוא בסוף גלות זה שבא לפני בית שלישי, ועוד למעלה מזה — כיון שבית שלישי הוא למעלה מבית שני.

(75) ד"ה פדה בשלום בשערי תשובה שם.

(76) שיחת שמח"ת תרפ"ט.

(77) קול קורא ב„הקריאה והקדושה" (נסמן לעיל ע' 12 הערה 111).

(78) ומובן שאי"ז סתירה לאין שבת מכינה לחול (משנה שבת ספט"ו. וש"נ) — כי המדובר כאן הוא לא בנוגע להכנת שבת לחנוכה, כ"א להשפעת שבת בחנוכה, כולל הבאה מסמיכות שלהם. ונוסף לזה: במנחת שבת ערב חנוכה אין אומרים צדקתך צדק מפני יו"ט חנוכה הבא למחרתו.

ועוד ועיקר: בנוגע לצרכי ציבור נאמר בנוגע לכל שבת — מפקחין על צרכי ציבור בשבת (ראה שבת קנ, א. טושו"ע או"ח סש"ו ס"ו. שו"ע אדה"ז שם סי"ב).

ענינים וואָס שטערן צו אידישקייט זאָל דורכגעפירט ווערן מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב, אנהויבנדיק נאָך פון דער שמחה אין דעם שבת עצמה (ביום שמחתכם אלו השבתות), אַ שמחה גדולה ומופלגה, בפרט אין זמן רעוא דרעוין.

ועל אחת כמה וכמה — די שמחה במוצאי שבת, די ערשטע נאַכט חנוכה, ועד"ז אין די ימי החנוכה שלאחרי זה — כפס"ד הרמב"ם הנ"ל, אַז זיי זיינען "ימי שמחה"[79]. און ווי ס'ברענגט זיך אויך להלכה אין רמ"א[80], "שיש קצת מצוה בריבוי סעודות"[81].

וואָס דאָס גיט אַריין אַ כח אין דער עבודה פון כללות ימי החנוכה, מלשון חינוך[82] — אַז דאָס זאָל זיין מתוך שמחה רבה, ובאופן שלמעלה ממדידה והגבלה, בלי שום טירחא כו',

אנהויבנדיק פון הדלקת נרות "על פתח ביתו" — חינוך עצמו ובני ביתו, וואָס דאָס איז אויך שייך צו נשים, וואָס אף הן היו באותו הנס[83],

כולל ובמיוחד — חינוך הטף, אינגעלעך און מיידעלעך, וואָס מ'געפינט אין חנוכה אַ ספּעציעלע הדגשה אויף זייער חינוך, וכולל, בפרט — דורך געבן זיי "חנוכה־געלט". כמנהג ישראל[84].

ובשנה זו — זאָל מען מוסיף זיין בזה, הן בכמות הנתינה והן אין די טעג וועןמ'גיט די געלט, אַז נוסף צו די ימים הרגילים בזה (כל חד וחד לפי מנהגו), זאָל מען מוסיף זיין געבן אין נאָך טעג, וכל המקדים הרי זה משובח.

און מסביר זיין צו די קינדער בהדגשה, אַז די געלט גיט מען זיי אָפּ, באופן אַז דאָס ווערט זייערע אַ זאַך, צו טאָן דערמיט וואָס אַ אידיש האַרץ וויל.

און זיכער וועלן זיי פון זיך אַליין אָפּגעבן אַ טייל דערפון לצדקה[85].

ובמיוחד כל זה — דורך דעם וואָס יעדער משפחה וועט זיך צוזאַמענקלייבן בימי חנוכה, כידוע דער מנהג באַ רבותינו נשיאינו אַז "באחד מלילי חנוכה היו עושין כעין פאַרבריינגען עם בני הבית כו'"[86], און דאַרט (אויך) טיילן די "חנוכה־געלט".

---

79) ואף שיש חילוקי דיעות בזה, הרי מכיון שבמצות (נרות) חנוכה המנהג פשוט הוא להיות מהדרין מן המהדרין, מובן שכן צ"ל בנוגע לשמחה כחנוכה — להדר בזה באופן דמהדרין מן המהדרין.

ויש לומר שלפי דיעות אלו (ששמחת חנוכה אינה מצוה מד"ס), יש בזה ע"ד המעלה דמנהג שמחת הקפות, שהיא למעלה משמחה דניסוך היין (שמפורש חיובו בתורה) וניסוך המים (מדברי סופרים), אף ש"מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו" (סוכה נא, א) — ראה לקו"ת דרושים לסוכות פ, ג.

80) או"ח סעת"ר ס"ב.

81) וראה השלמה לשו"ע אדה"ז שם ס"ג. שלאחרי שמביא הפלוגתא אם קבעום רק להלל ולהודאה או קבעום גם למשתה ושמחה, מסיק: "ולענין מעשה מנהג קדום הוא להרבות בסעודה בימים אלו, וכן נוהגין במדינות אלו".

82) ראה תו"א פרשתנו ד"ה בכ"ה בכסלו (כט, ד). שערי אורה ד"ה הנ"ל פל"ז ואילך. רד"ה זאת חנוכת המזבח תר"ם. ועוד. וראה לקו"ש חכ"ה ע' 378 ואילך. וש"נ.

83) שבת כג, א.

84) ראה "היום יום" כ"ח כסלו. לקוטי לוי"צ אגרות ע' שנח. סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 162 ואילך. וש"נ.

85) ובפרט שיש הדגשה מיוחדת בחנוכה לענין הצדקה (ראה מג"א ריש הל' חנוכה. וראה לקו"ש ח"ה ע' 443). — ולהעיר מהשייכות דשבת (ערב חנוכה) לצדקה (ראה תענית ח, ב. לקו"ת ברכה צז, ב).

86) "היום יום" שם.

ולהוסיף, אַז ס'איז כדאי מ'זאָל אַזוי אויך טאָן אין בתי ספר, און אין יעדער מקום פון משרה ועבודה — לפי תנאי המקום והזמן — צוזאַמענקלייבן זיך צוזאַמען, און רעדן וועגן עניני חנוכה, מיט החלטות טובות בזה, בתורה בעבודה ובגמילות חסדים, און טיילן „חנוכה־געלט" וכו'.

ועד"ז אויך „(על פתח ביתו) מבחוץ" — משפיע זיין אויף אַנדערע אידן וועלכע געפינען זיך נאָר „בחוץ" בנוגע צו כל עניני חנוכה: הדלקת הנרות, שמחה, מעות חנוכה וכו'.

וכל זה — אין אַן אופן פון מוסיף והולך ואור מיום ליום, ווי מ'לערנט אָפּ פון די נרות חנוכה.

יא. ויהי"ר אַז פון דער ישיבה בשלוה אין די לעצטע טעג פון גלות, זאָל מען גלייך האָבן אויך די שמחה פון אַריינ־טאַנצן אין „(ויהי) מקץ שנתיים ימים" — דער קץ הגלות והתחלת הגאולה[87].

„ופרעה חולם" — אין גלות פרעה ומצרים (וואָס גלות ווערט געגליכן צו אַ חלום[88], היינו כחולמים[89]) ווערט נתגלה דער חלום פון פרעה דקדושה, ע"ש דאתפריעו ואתגליין מיני' כל נהורין[90] — עס ווערט דער פתרון החלום, דורך יוסף הצדיק, ובגלות זה האחרון — דורך תורת החסידות[91] פון רבותינו נשי־אינו, ביז פון יוסף שבדורנו, נשיא דורנו — וועלכער האָט מגלה געווען דעם פתרון החלום פון גלות, אַז די כוונה ותכלית פון דעם חלום פון גלות איז די עבודה ובירור ועלי' וואָס קומט דערפון אַרויס (און ניט דער צער שבזה), ביז אין אַן אופן ווי דאָס שטייט אין תורה — „יעקב ועשו האמורים בפרשה[92], „בחומר — דא קל וחומר, ובלבנים — דא ליבון הלכתא"[93], און עס בלייבט איבער נאָר די מעלה פון „רכוש גדול"[94] וואָס קומט אַרויס פון גלות, דורך דעם וואָס מ'שטעלט אַריין דעם אל"ף פון אלופו של עולם אין גלות (גולה) — ווערט גאולה[95],

און תיכף ומיד ממש, גלייך לאחרי הגלות, טאַנצט מען אַריין אין דער גאולה, ע"ד ווי ס'איז געווען בהתחלת הגלות, אַז גלייך נאָכדעם וואָס געתה הפרה פעם א' אויף דעם חורבן, איז געתה פעם ב' אַז נולד מושיען של ישראל[96], עד"ז ווערט אויך איצטער בסוף גלות זה, אַז פון דעם גלות קומט מען גלייך אַריין אין דער גאולה, שוין לאחרי לידת מושיען של ישראל[97], ווערט לידת ישועתן של ישראל,

ומתוך שמחה וטוב לבב, ושמחת עולם על ראשם[98].

---

87) ראה אוה"ת ר"פ מקץ.
88) ראה תו"א פרשתנו כח, ד.
89) תהלים קכו, א.
90) זח"א רו, א.
91) דלית תמן לא קושיא ולא מחלוקת כו' — רע"מ, הובא ונת' באגה"ק סכ"ו.
92) ל' רש"י ר"פ תולדות.
93) זח"ג קנג, א. תו"א ר"פ שמות.
94) לך טו, יד.
95) לקו"ת בהעלותך לה, ג. ועוד.
96) איכ"ר פ"א, נא.
97) כפס"ד הרמב"ם (הל' מלכים ספי"א) שמשיח הוא מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כו', ומכיון שלפי כל הסימנים כבר הגיע זמן הגאולה, מוכרח לומר שמשיח כבר נולד וכבר הוגה בתורה כו'.
98) ישעי' לה, י. נה, יא.

# משיחות ש"פ מקץ, שבת (ז') חנוכה ה'תשמ"ט

**א. מהענינים העיקריים דחנוכה — חנוכת המזבח והמקדש[1], כמודגש בקריאת התורה דימי חנוכה בפרשת הנשיאים[2] שהקריבו לחנוכת המזבח והמשכן[3].**

**ועילוי מיוחד בקביעות שנה זו, שימי חנוכה מתחילים ביום ראשון בשבוע — כפי שהי' בחנוכת המשכן, שיום הראשון לחנוכה (יום שמיני למילואים) הי' „ראשון למעשה בראשית"[4], יום ראשון בשבוע.**

**וכמדובר כמ"פ שאף שקביעות כל המועדים תלוי' בימי החודש (כ"ה בכסלו, הקשור עם יום הראשון דחנוכת המזבח), מ"מ, ניתוסף עילוי מיוחד מצד התאמת הקביעות גם בימי השבוע — כפי שמצינו במדרש[5] בנוגע לספה"ע, ששלימות הענין ד„שבע שבתות** תמימות **תהיינה"[6] הוא כשחל פסח בשבת, שאז מתחילין לספור במוצאי שבת, יום ראשון בשבוע, „ואז הן תמימות** כששת ימי בראשית", **ודוגמתו בנדו"ד, שלכאשר יום ראשון דחנוכה (כ"ה בכסלו) חל ביום הראשון בשבוע (כמו יום ראשון דחנוכת המזבח בפעם הראשונה), אזי ניתוסף תמימות ושלימות[7] בכל ימי חנוכה.**

**ב. ומזה מובן גם העילוי המיוחד** דשבת **חנוכה — (שחל בשנה זו) ביום** השביעי **דחנוכה:**

**איתא במדרש[8]: „ביום השביעי נשיא לבני אפרים וגו'[9] מניין שיום השבת הי', לפי שכבר אמרנו אותו יום שהתחילו הנשיאים יום ראשון הי', מכאן אתה למד שיום ז' להקרבה שבת הי', שלא תאמר היאך חלל את השבת, והלא אין קרבן יחיד דוחה את השבת וזה הקריב בשבת, אמר הקב"ה, לא על פיו עשה, שאני אמרתי למשה נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום יקריבו את קרבנם לחנוכת המזבח[10], בלא הפסק יקריבו זה אחר זה".**

**וכמ"ש לפנ"ז[11]: „בכל מקום אין קרבן יחיד דוחה את השבת, וכאן קרבן יחיד דוחה את השבת, הא למדנו כמה קרבן נשיאים חביב לפני הקב"ה"[12].**

---

1) שהוצרכו לבנות מזבח חדש לאחרי שגנזו את אבני המזבח ששקצו אנשי יון (ע"ז נב, ב. חדא"ג מהרש"א שבת כא, ב). וראה לקו"ש ח"כ ע' 633 בהערה. ושי"נ.

2) מגילה ל, סע"ב — במשנה (ובפרש"י). רמב"ם הל' תפלה פי"ג הי"ז. טושו"ע או"ח ר"ס תרפד.

3) להעיר ממארז"ל (פסיקתא רבתי פ"ו, ה. יל"ש מ"א רמז קפד) „בכ"ה בכסלו נגמר מלאכת המשכן ועשה מקופל עד אחד בניסן . . אמר הקב"ה עלי לשלם, מה שלם לו הקב"ה חנוכת חשמונאי". וראה טוא"ח וחדא"ג מהרש"א שם.

4) פרש"י נשא ז, יב (מסדר עולם (רבה פ"ז)).

5) קה"ר פ"א, ג ובמ"כ שם. וראה בארוכה לקו"ש חכ"ב ע' 145. ושי"נ.

6) אמור כג, טו.

7) להעיר מהשייכות המיוחדת לשנה זו — שנת העיבור, שהיא „שנה תמימה" (בהר כה, ל. ערכין לא, א (במשנה)).

8) במדב"ר פי"ד, א (בסופו).

9) נשא ז, מח.

10) שם, יא.

11) במדב"ר פי"ג, ב (בסופו).

12) ראה בארוכה לקו"ש חכ"ג ע' 42 ואילך — פרטי החילוקים ודיוקי הלשונות במדרשים הנ"ל (ועוד).

ועפ"פ האמור לעיל, מובן, שכאשר יום השביעי דחנוכה (שבו קורין „ביום השביעי נשיא לבני אפרים וגו'") חל ביום השבת — מודגשת יותר החביבות דקרבן הנשיאים (כללות הענין דחנוכת המזבח[13]) ע"י שנשיא אפרים הקריב קרבנו ביום השבת.

ג. ויש לבאר תוכן הענין דהקרבת קרבנו של נשיא אפרים („ביום השביעי נשיא לבני אפרים גו'") ביום השבת, והלימוד וההוראה — „החי יתן אל לבו"[14] — בעבודת האדם לקונו.

ובהקדמה:

הסיבה לכך שנשיא אפרים הקריב ביום השבת, היא, לכאורה, בגלל שנקבע (א) סדר ההקרבה שאפרים יהי' הנשיא השביעי[15], (ב) התחלת ההקרבה ביום הראשון בשבוע, ובדרך ממילא בהכרח שהנשיא שמקריב ביום השביעי יקריב קרבנו ביום השבת, ולכאורה, אין זה קשור עם ענינו ותוכנו של שבט אפרים[16], או עם ענינו ותוכנו של יום השביעי לחנוכת המזבח[17].

אמנם, מכיון שכל עניני התורה הם בתכלית הדיוק[18], מסתבר שההקרבה ביום השבת שייכת (גם) לענינו ותוכנו של שבט אפרים דוקא[19], ולענינו ותוכנו של יום השביעי דחנוכה.

ד. ויש לומר הביאור בזה:

תוכן החידוש בהקרבת הקרבן ביום השבת הוא — שעם היותו „קרבן יחיד", שהרי, „משלו הביא ולא שגבה משבטו"[20], מ"מ, דוחה את השבת, כי „קרבן יחיד" זה הוא כמו „קרבן ציבור"[21], וי"ל — להיותו עבור שבט שלם[22], וכחלק מחנוכת המזבח והמשכן עבור כלל ישראל.

וענינו בעבודה — שמציאותו של היחיד היא כמו מציאות הציבור כולו, כי, כל בנ"י הם מציאות אחת, קומה אחת

---

13) להעיר, שגם בנס חנוכה מודגשת חביבותן של ישראל (דוגמת החביבות דקרבן הנשיאים) — כי, סיבת הנס דמציאת הפך שמן טהור שהדליקו ממנו שמונה ימים (אף שמעיקר הדין היו יכולים להדליק גם בשמן טמא), הוא, להראות חיבתן של ישראל (ראה פני יהושע שבת שם. ועוד).

14) קהלת ז, ב.

15) כי, סדר ההקרבה הוא (לא „כסדר תולדותם", אלא) „כסדר המסעות" (פרש"י נשא ז, יא).

16) ובלשון המדרש: „הא למדנו כמה קרבן נשיאים חביב לפני הקב"ה", היינו, שההקרבה ביום השבת קשורה עם החביבות דכל הנשיאים, ולא עם שבט אפרים דוקא.

17) ובפשטות — אילו נצטוו להקריב כסדר תולדותם, הי' אולי מקריב ביום השבת נשיא אחר, ולא הנשיא דאפרים. ואילו היו מתחילים להקריב באחד משאר ימי השבוע (לא ביום ראשון), היתה ההקרבה בשבת ביום אחר לחנוכת המזבח, ולא ביום השביעי.

18) להעיר מצפע"נ עה"ת ר"פ מסעי: כל דבר אף שהוא הכרחי לכאורה הכל בכוונה מכוון ומצוה ע"פ ה', עיי"ש.

19) ומוכח גם מדברי המדרש (במדב"ר פי"ד, ב) שקרבנו של אפרים ביום השבת הי' בשכר שמירת שבת דיוסף (שאודותה מסופר בפרשתנו) — „מי הקדימני ואשלם, מדבר ביוסף שהוא הקדים ושימר את השבת עד שלא ניתנה, וטבוח טבח והכן (פרשתנו מג, טז), א"ר יוחנן ערב שבת היתה, ואין והכן אלא לשבת, שנאמר והי' ביום הששי והכינו וגו', אמר הקב"ה, יוסף, אתה שמרת את השבת עד שלא ניתנה התורה, חייך שאני משלם לבן בנך שיהא מקריב קרבנו בשבת מה שאין יחיד מקריב, ועלי לקבל קרבנו ברצון" (וראה בארוכה לקו"ש ח"כ ע' 200 ואילך).

20) במדב"ר פי"ג, יג (בסופו). פרש"י נשא ז, יב.

21) ראה בארוכה לקו"ש חכ"ג ע' 43 ואילך. וש"נ.

22) ובפרט להדעה ששבט איקרי קהל (הוריות ד, סע"ב ואילך).

שלימה[23], ועפ"י הידוע[24] שהעצם כשאתה תופס בחלקו אתה תופס בכולו, נמצא, שגם ע"י היחיד „תופסים" בהציבור כולו[25].

ולהעיר, שמצינו בהלכה מעלתו של כל יחיד ויחיד מישראל בנוגע לדחיית שבת (ע"ד ובדוגמת שקרבן הנשיא, קרבן יחיד, דוחה שבת) — פיקוח נפש (של כל יחיד) דוחה שבת[26].

ומזה מובן גודל המעלה והחשיבות דכל יחיד ויחיד מישראל, ועד כמה צריך להשתדל גם ב„קרבנו של היחיד" בעבודה הרוחנית — „קרבן" מלשון קירוב[27], הקירוב להקב"ה, לתורתו ומצוותיו כו' — הן בנוגע לעצמו והן בנוגע לזולתו[28], כולל גם שפעולתו עם הזולת נעשית לא ענין נוסף על עבודתו בעצמו, אלא שניהם ענין אחד[29], כי, הוא והזולת הם מציאות אחת, וחלק מהציבור דכל בנ"י.

ה. עפ"ז יש לבאר הקשר והשייכות לנשיא אפרים:

ענינו המיוחד של אפרים מודגש בשמו — כמ"ש בפרשתנו[30] בטעם קריאת השם „אפרים" — ע"ש „הפרני אלקים", שזהו תוכן הענין ד„פרו ורבו"[31], הן כפשוטו[32], והן ברוחניות, כפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[33] שכל יהודי צריך לעשות עוד יהודי, שמקרבו להקב"ה, לתורה ומצוותי', ועד שעי"ז נעשה „ברי' חדשה"[34] (כמו ב„פרו ורבו" כפשוטו).

ובזה מודגשת מעלתו וחשיבותו של כל יחיד ויחיד מישראל — שכן, אע"פ

---

23) ראה לקו"ת ר"פ נצבים. ובכ"מ.

24) כש"ט הוספות סקט"ז. וש"נ.

25) נוסף לכך שכל יחיד הוא „עולם מלא", מצד זרעו וזרע זרעו כו' עד סוף כל הדורות, כמו אדה"ר, שממנו נברא מילואו של עולם (ראה סנהדרין לז, סע"א ובפרש"י).

26) שבת קלב, א. יומא פה, סע"א ואילך.

27) ספר הבהיר סמ"ו (קט). ועייג"כ זח"ג ה, רע"א. של"ה מס' תענית (ריא, ב). פע"ח שער התפלה פ"ה. בחיי ויקרא א, ט. וראה רמב"ן שם. ד"ה טעמה תש"ט פ"ב ואילך. ד"ה באתי לגני תש"י פ"ב. ובכ"מ.

28) ובפרט אלו שרחוקים לעת-עתה מתומ"צ — שביחס אליהם ה"ז ענין של פקו"נ, ברוחניות, שחמור יותר מפקו"נ בגשמיות, מכיון שנוגע לא רק לחיי שעה, אלא (גם) לחיי עולם.

29) ורק בנוגע לעבודה בפועל ממש — שאי-אפשר לעשות שני דברים בבת אחת — הסדר הוא: „קשוט עצמך ואח"כ קשוט אחרים" (ב"מ קז, סע"ב. וש"נ). ולא עוד, אלא, שלפעמים יש להקדים הפעולה ד„קשוט אחרים"* — כשרואה שאין לו כח לעבודה ד„קשוט עצמך" מצד התגברות היצר כו', שאז, צריך להתחיל ב„קשוט אחרים"**, ובזכות זה יצליח גם ב„קשוט עצמך", ע"ד מארז"ל (ב"ק צב, א. פרש"י וירא כא, א) „המבקש רחמים על חבירו והוא צריך לאותו דבר הוא נענה תחילה" (וראה „היום יום" כ"ז חשון).

30) מב, נב.

31) בראשית א, כח. נח ט, א.

32) להעיר מהשייכות ליום השבת — שהרי עונת ת"ח מלילי שבת ללילי שבת (כתובות סב, ב. רמב"ם הל' שבת פ"ל הי"ד. טושו"ע ואדה"ז או"ח ר"ס רפ).

33) לקו"ד ח"ד תשמו, א. סה"ש תש"א ס"ע 45 ואילך.

34) ועד"ז כשפועל על יהודי שמקיים תומ"צ להוסיף עוד יותר — כי, גם ע"י הוספת ענין פרטי ניתוסף בכללות עבודתו בקיום בתומ"צ, עד שנעשה כמו „ברי' חדשה" לגבי מעמדו ומצבו הקודם.

---

*) נוסף לכך שבזמן הזה צריכה להיות העבודה באופן ד„חטוף ואכול חטוף ושתי" (ראה אג"ק אדמו"ר מהורש"ב ח"א ע' רסו. וש"נ) — לחטוף כל מה שבא לידו, ובנדו"ד, לעסוק ב„קשוט אחרים" אפילו לפני „קשוט עצמך".

**) ללא התנגדות היצר כל כך, שהרי, אין אדם חוטא ולא לו (ב"מ ה, ב. וש"נ).

שישנה מציאות של ציבור שלם, עד לששים ריבוא מישראל וכו', מ"מ, ישנו החיוב והזכות ד"פרו ורבו", להוסיף עוד יהודי אחד, ועי"ז ניתוסף בכל הציבור.

זאת ועוד: פעולתו להוסיף עוד יהודי אינה ענין נוסף על עבודתו בעצמו, אלא חיוב וזכות שלו — "הפרני" (הפרה אותי) דייקא, דמכיון שכל בנ"י הם מציאות אחת, הרי, פעולתו להוסיף עוד יהודי היא גם פעולה אחת עם עבודתו בעצמו.

ומכיון שאצל אפרים (ע"ש "הפרני") מודגשת מעלתו וחשיבותו של כל יחיד ויחיד מישראל, עד שנחשב כמו הציבור כולו — לכן ההקרבה בשבת (קרבן יחיד שנעשה כמו קרבן ציבור) היתה אצל נשיא אפרים דוקא[35].

ו. ועפ"ז מובן גם הקשר והשייכות ליום השביעי דחנוכה — "ביום השביעי נשיא לבני אפרים גו'":

מכיון שההקרבה בשבת מדגישה את מעלתו של היחיד שיש בו מעין השלימות דכל הציבור — ה"ז שייך ליום השביעי דחנוכה, שיש בו כבר השלימות דשבעת ימי ההיקף[36], וכנגדם בבנ"י, כל שבעת הסוגים שבנשמות ישראל, שבעת הקנים ד"מנורת[37] זהב כולה"[38], אשר, כל יחיד ויחיד הוא חלק מעצמותה של המנורה, שכולה "מקשה היא"[39].

ולכן, יום השביעי דחנוכה הוא גם ערב והכנה[40] ליום השמיני, "זאת חנוכה"[41], בחי' שומר ההיקף[36] — שבו קורין (לא רק הנשיא דיום השמיני, אלא גם שאר הנשיאים עד ליום השנים עשר[42], ועוד ועיקר, שקורין גם) הסך־הכל דקרבנות כל י"ב הנשיאים כפי שישנם כבר בפועל[43], וממשיכים לקרוא בפ' בהעלותך, "בהעלותך את הנרות אל מול פני המנורה יאירו שבעת הנרות"[44], היינו, שהשלימות דכל הציבור (ודוגמתו בכל יחיד) — י"ב השבטים, ושבעת קני המנורה, ועד לאופן ד"מקשה", ולא

35) להעיר גם מדברי המדרש (במדב"ר פי"ד, יג) ש"לא הקריב אחד מהן יותר על חבירו, שאילו הקריב אחד מהן יותר על חבירו, לא הי' קרבן אחד מהן דוחה את השבת כו'", היינו, שכל אחד מרגיש שהוא שוה לחבירו, ולכן, מה שיש לו פועל גם אצל חבירו, שיהיו שניהם שוים.

36) ראה שו"ת הרשב"א ח"א ס"ט.

37) זכרי' ד, ב (הפטרת שבת חנוכה).

38) תו"א פרשתנו לג, ג. לקו"ת ר"פ בהעלותך. ועוד.

39) בהעלותך ח, ד.

40) ובפרט לאחרי חצות היום, שבו מתחילים כבר הענינים דיום שלמחרתו.

41) להעיר מב' הפירושים־אופנים ב"זאת חנוכה": פי' הא', ש"זאת" קאי על ספירת המלכות, שמקבלת מז' המדות שלמעלה ממנה (שבעת ימי חנוכה), ופי' הב', ע"ד א"ז, ז' המדות שמקבלים מבחי' אל"ף הוא כתר כו' (ראה לקו"ת דרושי שמע"צ פח, ב. אוה"ת חנוכה (כרך ה) תתקסב, א).

42) חמשה נשיאים. — ויש לומר, שמספר זה הוא כנגד חמשת הענינים ד"מסרת גיבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים וטמאים ביד טהורים ורשעים ביד צדיקים וזדים ביד עוסקי תורתך" (שאומרים בתפלת "ועל הנסים"*) — כנגד חמשה חסדים וחמשה גבורות ממותקות (שלמעלה מחסדים).

43) משא"כ ביום ראשון, אף שנאמר בו "ויקריבו הנשיאים את חנוכת המזבח ביום המשח אותו" (נשא ז, יו"ד) — הרי, הקרבן בפועל הי' רק ע"י נשיא אחד (נשיא לבני יהודה), ואילו הקרבנות דשאר הנשיאים היו בכח בלבד.

44) בהעלותך ח, ב.

*) שסיומה וחותמה "להודות ולהלל לשמך הגדול", די"ל, שכולל גם קריאת התורה שנעשית חלק מהחפלה ("להודות ולהלל כו'").

פרקים ולחברם אח"כ[45] — היא באופן גלוי לעין כל, וגם בקריאה בתורה בצי־בור, ובברכה לפני' ולאחרי'.

ז. האמור לעיל קשור גם עם כללות הענין דשבת חנוכה (גם בשנים ששבת חנוכה אינו חל ביום השביעי דחנוכה) — ובהקדמה:

שבת וחנוכה הם ב' ענינים שונים, והראי', שהשבתות דכל השנה אינם בימי חנוכה, ורוב ימי חנוכה הם ימי החול. ואעפ"כ, בשבת חנוכה מתחברים שני הענינים דשבת וחנוכה, ולא עוד, אלא, שחיבורם הכרחי בכל חנוכה, כי, במשך שמונה ימים רצופים מוכרח להיות יום השבת[46].

והחידוש בזה — ששבת וחנוכה הם (לא רק ענינים שונים, אלא גם) ענינים מנוגדים (לכאורה):

שבת — עניניו הם בפנים, בתוך הבית, לא מבעי בנוגע לדברים שב־צינעא[47], אלא גם העונג דאכילה ושתי' בסעודות השבת צ"ל בתוך הבית דוקא[48].

ואילו חנוכה — כל ענינו הוא להאיר "על פתח ביתו מבחוץ"[49], כלומר, שב־פתח ביתו גופא ההדגשה היא על החוץ[50].

וענינם בעבודה — ששבת מורה על עבודתו של יהודי עם עצמו, "קשוט עצמך", וחנוכה מורה על עבודתו של יהודי עם הזולת, "קשוט אחרים".

ועפ"ז, שבת חנוכה מורה על חיבור שניהם, עבודתו עם עצמו ועבודתו עם הזולת, קשוט עצמך וקשוט אחרים, וכאמור, שבאים יחדיו (לא רק לפעמים, אלא) בכל שנה ושנה, ללמדך, שה־עבודה עם הזולת אינה ענין בפ"ע, אלא חלק וענין אחד עם העבודה שלו[51], מכיון שהוא וזולתו הם מציאות אחת, (חלק מן) העצם דכללות בנ"י.

וענין זה הוא בהדגשה יתירה בשבת חנוכה[52] שחל ביום השביעי דחנוכה, שבו הקריב נשיא אפרים ביום השבת — שהרי, מעלתו של כל יחיד מישראל מצד שייכותו לציבור כולו מודגשת בהקרבה דקרבן יחיד ביום השבת, בענינו של אפ־רים, וביום השביעי דחנוכה, כנ"ל בארוכה.

---

45) פרש"י שם, ד. תרומה כה, לא.

46) ולפעמים — כשיום ראשון דחנוכה חל בשבת — שתי שבתות.

47) שהם מכלל עונג שבת (רמב"ם וטושו"ע שבהערה 32).

48) נוסף לכך שגם בימות החול "האוכל בשוק הרי זה דומה כו'" (קידושין מ, סע"ב).

49) שבת כא, ב. — ודלא כנרות שבת שענינם להאיר את הבית, "שלום בית" (רמב"ם סוף הל' חנוכה. שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רסג). ולא עוד אלא שנרות חנוכה אסור להשתמש בהם (רמב"ם שם פ"ד ה"ו. טושו"ע או"ח ר"ס תרעג).

50) ודלא כמזוזה (השייכת לחנוכה — מזוזה מימין ונר חנוכה משמאל (שבת כב, א)) שקביעותה על הפתח מבחוץ אינו בשביל החוץ, כי אם, בשביל הבית, אלא שקובעים אותה במקום שבו מתחיל הבית (או החצר), משא"כ נר חנוכה, שהנחתו על פתח ביתו מבחוץ הוא (גם אבל — עיקר) בשביל החוץ, להאיר על פתח ביתו מבחוץ (ראה לקו"ש ח"ה ע' 223. ושי"נ).

51) להעיר מזהר פרשתנו (קצט, א) "קרי בי' אורייתא וקרי בי' צדקה וכלא חד . . קרי בי' שלום", ובלקוטי לוי"צ (ע' קעט) "איך הוא כלא חד, הלא תורה הוא בת"ת דז"א וצדקה במל', תורה הוא ענין רוחני וצדקה הוא ענין גשמי, ואיך הוא כולא חד, לזה אמר . . וקרי בי' שלום, שלום הוא התחברות שני הפכים יחד" — שבזה מודגש החיבור דעבודתו עם עצמו (תורה) ועבודתו עם הזולת (צדקה) שהם "כולא חד".

52) להעיר, ששבת חנוכה (בכל שנה) כולל כל שבעת ימי השבוע דימי חנוכה (הן הימים שלפניו שמתעלים בו, והן הימים שלאחריו שמתברכים ממנו) — בדוגמת יום השביעי דחנוכה, השלימות דכל שבעת הימים.

ח. ויש להוסיף בכל האמור לעיל (תוכן הקרבת קרבנו של נשיא אפרים ביום השבת, ושייכותו לכללות הענין דשבת חנוכה) — בעומק יותר:

הקרבת[53] קרבנו של נשיא אפרים ביום השבת אינה באופן שמעלת קרבנות הנשיאים לחנוכת המזבח דוחה (או אפילו מתירה) קדושת השבת, כי אם, שנעשה חלק ממצות וקדושת שבת, היינו, כשם שקדושת שבת אוסרת עשיית מלאכה, ה"ה גם מחייבת הקרבת מוספי שבת, ועד"ז קרבנו של נשיא אפרים, „שאני אמרתי . . נשיא אחד ליום . . בלא הפסק יקריבו זה אחר זה", שעי"ז ניתוסף בקדושת שבת[54].

ועד"ז מצינו סברא בנוגע לפקו"נ, שאין זה באופן שפקו"נ דוחה (או אפילו מתיר) איסור מלאכה בשבת, אלא, שפקו"נ הוא דין בשמירת שבת[55], היינו, שעי"ז ניתוסף בשמירת שבת. וכתוכן המארז"ל[56] „אמרה תורה חלל עליו שבת אחת כדי שישמור שבתות הרבה"[57].

ונקודת הענין — שמעלתן של ישראל היא למעלה מהתורה, ולכן, אף שע"פ תורה אין מקום לקרבנו של יחיד ביום השבת, מ"מ, מפני חביבותם של ישראל (נשיאי ישראל) שהתנדבו לחנוכת המזבח, מקבל הקב"ה קרבנם גם ביום השבת[58], ולא עוד, אלא, שמצוה שיקריבו בשבת[59], שעי"ז ניתוסף בקדושת שבת.

ונמצא, שהקרבת קרבנו של נשיא אפרים ביום השבת מדגישה את מעלתו וחשיבותו של כל יחיד ויחיד (קרבן יחיד) מישראל (לא רק ביחס לכלל ישראל, שעל ידו תופסים בהעצם דכלל ישראל, אלא יתירה מזה) גם ביחס לתורה והקב"ה, להיותו „חלק אלקה ממעל ממש"[60], אשר, ע"י ה„חלק" „תופסים" כביכול בהעצם דאלקה, ועד שמצד החביבות דישראל נעשה דין בתורה[61] שנשיא אפרים מקריב קרבנו בשבת, ומוסיף בקדושת שבת.

ט. וענין זה מרומז גם בשבת חנוכה:

מהחילוקים העיקריים שבין שבת לחנוכה — ששבת היא מצוה מן התורה, וחנוכה מצוה מדברי סופרים (א' מז' מצוות דרבנן). ונמצא, ששבת חנוכה מדגיש החיבור דדברי תורה עם דברי סופרים.

---

53) בהבא לקמן — ראה לקו"ש חכ"ג ע' 48.

54) ועפ"ז יומתק מ"ש במדרש (שבהערה 19) שהקרבת קרבנו של נשיא אפרים ביום השבת הוא שכר על שמירת שבת דיוסף (ראה לקו"ש שם ע' 49 ואילך).

55) ועפ"ז יומתק שדיני פקו"נ הם חלק דתורת והלכות שבת.

56) שבת קנא, ב. יומא ומכילתא שבהערה הבאה. רמב"ם הל' ממרים פ"ב ה"ד (משיעורי ימי חנוכה).

57) ולהעיר שלמדים זה (ראה יומא פה, ב. ר"נ במכילתא תשא לא, יג. שם, טז) ממ"ש „ושמרו בני ישראל את השבת" („יזהרו בשבת זו בקיום שמירת שבתות הרבה" — פרש"י יומא שם). ובלשון האוה"ח (שם, יג): „אין זה קרוי חילול, אדרבא, זה קרוי שמירת שבת".

58) ובלשון המדרש — „עלי לקבל קרבנו ברצון".

59) ובלשון המדרש — „אני אמרתי . . נשיא אחד ליום . . בלא הפסק יקריבו זה אחר זה".

60) תניא רפ"ב.

61) להעיר, שפקו"נ דוחה כל התורה כולה (ראה יומא פב, א. כתובות יט, א). וי"ל שגם כאן הכוונה שאין זו דחי', אלא אדרבה, שמירת התורה (ע"ד המבואר לעיל (הערה 54) בנוגע לשבת) — מצד מעלתם של ישראל על התורה, שכל התורה היא בשבילם, צו את בנ"י, דבר אל בנ"י (וראה בארוכה לקו"ש ברכה תשמ"ח בנוגע לגמרה של תורה בענין שבירת הלוחות, עיי"ש).

והענין בזה:

בנוגע למצוות דרבנן — כותב רבינו הזקן באגה"ק[62]: "ז' מצוות דרבנן אינן נחשבות מצוות בפני עצמן, שהרי כבר נאמר לא תוסף[63], אלא הן יוצאות ונמשכות ממצוות התורה[64] וכלולות בהן במספר תרי"ג, להלביש תרי"ג בחי' וכחות שבנר"ן האדם"[65].

וביחד עם זה, מבואר שם[66] ש"רצון העליון ב"ה מכונה ונקרא בפי חכמי האמת בשם כתר עליון, ובו תר"ך עמודי אור . . ורצון זה נתלבש בתרי"ג מצוות התורה וז' מצוות דרבנן".

כלומר, מצד רצון העליון ישנם תר"ך מצוות, כמנין "כתר", היינו, שרצון העליון הוא בז' מצוות דרבנן כמו בתרי"ג מצוות התורה, אלא, ש"אינן נחשבות מצוות בפני עצמן . . יוצאות ונמשכות ממצוות התורה וכלולות בהן במספר תרי"ג"[67], היינו, שהם בהעלם, והתגלותן ע"י ישראל, (דברי) סופרים, ועל ידם מתגלה השלימות דמצוות התורה — "כתר עליון" (לא רק תרי"ג, אלא תר"ך).

וכמרומז גם בעשרת הדברות — שיש בהם תר"ך אותיות, כנגד תרי"ג מצוות התורה וז' מצוות דרבנן[68], אשר, ז' מצוות דרבנן נרמזות בז' האותיות האחרונות שבעשה"ד — "אשר לרעך", לפי שמצוות אלו נעשו (נתגלו) ע"י ישראל, שנקראו רעים למקום[69] (המצוות "אשר לרעך"), וביחד עם זה, נכללו בעשרת הדברות שנאמרו ע"י הקב"ה (כלולות בתרי"ג מצוות התורה), עד כדי כך, ש"אשר לרעך" רומז גם על הקב"ה, כמ"ש[70] "רעך ורע אביך", "הקב"ה שנקרא ריע לישראל"[71], כי, ישראל וקוב"ה כולא חד[72].

ונמצא, שבז' מצוות דרבנן מודגשת מעלתם וחביבותם[73] של ישראל, שעל ידם ניתוסף כביכול בתורה, שנתגלה

---

62) סכ"ט (קנ, סע"א).

63) פ' ראה יג, א (וראה לקו"ש חט"ו ע' 138 הערה 8. וש"נ).

64) ולדוגמא בחנוכה — די"ל שנמשכת מנרות המקדש. ובפרטיות יותר: ענין הנר והאור שבה — נמשך מנרות המקדש, שייכותה למזוזת פתח הבית (על פתח ביתו) — ממצות מזוזה, ושייכותה לקו השמאל (נר חנוכה משמאל) — ממצות תפילין (ראה לקו"ש ח"ה ע' 223 הערה 1. ע' 226 הערה 25).

65) ודוגמתו בגוף האדם — רמ"ח אברים ושס"ה גידים, כנגד רמ"ח מ"ע ושס"ה מל"ת (זח"א קע, ב).

66) קמט, סע"ב ואילך.

67) ועפ"ז י"ל הטעם שרבינו הזקן אינו מסתפק בביאורו של הרמב"ם (במנין המצוות על סדר ההלכות דספר הי"ד בתחלתן) שהאזהרה ד"לא תוסף עליו" היא "שלא יהא נביא רשאי לחדש דבר ולומר שהקב"ה צווהו במצוה זו להוסיפה למצוות התורה . . אבל אם הוסיפו ב"ד או נביא . . מצוה דרך תקנה, או דרך הוראה או דרך גזירה, אין זו תוספת כו'" — כי, לפי ביאורו של הרמב"ם (בנגלה דתורה) מצוות אלו הם בגדר של תקנה וגזירה בלבד*, ואינם באותו גדר של תרי"ג מצוות התורה, משא"כ להביאור שבאגה"ק (פנימיות התורה) ה"ה רצון העליון כמו תרי"ג מצוות התורה ממש, שכלולים בהם כו', כבפנים.

68) ראה תו"ש יתרו (כרך טז) במילואים ס"א. וש"נ.

69) זח"ב נה, ב. ועוד.

70) משלי כז, יו"ד.

71) פרש"י עה"פ. שמו"ר רפכ"ז. זהר שם. פרש"י שבת לא, א.

72) ראה זח"ג עג, א.

73) להעיר, שדברי סופרים חביבין יותר מדברי תורה (ירושלמי ברכות פ"א ה"ד. ועוד).

---

*) אף שגם לדעת הרמב"ם אינם רק פרטים דהמצוה הכללית "לא תסור", אלא הם מצוות פרטיות (ראה בארוכה לקו"ש שופטים תשמ"ה ס"ד).

הענין דתרי"ך מצוות, "כתר עליון", וביחד עם זה, הוספה זו היא חלק מה־תורה (כלולות בתרי"ג מצוות התורה) שניתנה ע"י הקב"ה, כאמור, ש"אשר לרעך" קאי על ישראל וגם על הקב"ה, מכיון שישראל וקב"ה כולא חד[74].

וענין זה (החיבור דז' מצוות דרבנן עם תרי"ג מצוות התורה, "אשר לרעך", ישראל והקב"ה) — נרמז גם בשבת חנוכה, החיבור דשבת, מן התורה, עם חנוכה, מדברי סופרים, ובפרט בשנה זו, שיום השבת הוא ביום השביעי דחנוכה, שבו הקריב נשיא אפרים ביום השבת, כאמור, שמצד חביבותן של ישראל נעשה דין בתורה, ע"ד ובדוגמת החי־בור דדברי סופרים עם דברי תורה.

י. ההוראה מכל האמור לעיל בנוגע למעשה בפועל:

שבת חנוכה, ובפרט כשחל ביום השביעי נשיא לבני אפרים שהקריב ביום השבת, מלמדנו גודל המעלה והחשי־בות והצורך וההכרח הכי גדול לפעול בהפצת התורה והיהדות והמעיינות חוצה,

הן מצד כללות הענין דימי חנוכה[75] — להאיר על פתח ביתו מבחוץ ע"י "נר מצוה ותורה אור"[76], כולל ובמיוחד בחי־נת השמן שבתורה, פנימיות התורה[77], שגם הוא יאיר בחוץ, יפוצו מעינותיך חוצה, ובאופן ד"מוסיף והולך"[78],

הן מצד ענינו המיוחד של יום השביעי דחנוכה — נשיא לבני אפרים, ע"ש "הפרני אלקים", שזהו"ע ד"פרו ורבו", לעשות עוד יהודי,

והן מצד החיבור דיום שביעי דחנוכה ויום השבת — החיבור דשבת וחנוכה, עבודתו בעצמו (שבת) ביחד עם פעו־לתו על הזולת (חנוכה), וקרבנו של אפרים בשבת, שמדגיש גודל מעלתו של כל יחיד ויחיד שהוא כמו הציבור כולו, שלכן, מקריבים קרבנו בשבת, ובאופן שקרבנו מוסיף בקדושת השבת, ללמדך, שהפעולה על יחיד בישראל אינה ענין פרטי בלבד, אלא נוגע לכלל ישראל, (וגם) לתורה והקב"ה, שמזה מובן עד כמה צריכה להיות ההשתדלות בדבר.

ונתינת כח מיוחדת בכל זה גם כש־נמצאים בזמן הגלות, עד לחושך כפול ומכופל דעקבות משיחך — הן מצד כללות ימי חנוכה, "כשעמדה מלכות יון הרשעה על עמך ישראל", במעמד ומצב דרבים נגד מעטים, גיבורים נגד חלשים וכו', ואעפ"כ, "עמדת להם בעת צרתם כו' מסרת גבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים וכו'"; והן מצד ענינו של יום השביעי נשיא לבני אפרים, "הפרני אלקים בארץ עניי", שגם "בארץ עניי" נעשה מעמד ומצב ד"הפרני", הן ברוח־ניות והן בגשמיות, ועד לבני חיי ומזונא רויחא ובכולם רויחא.

ולכן, בעמדנו ביום השק"[79] שחל ביום השביעי דחנוכה, ובפרט לאחרי חצות

---

74) בכ"ז — ראה גם לקו"ש חי"ט ע' 386 ואילך. ושי"נ.

75) להעיר גם מהשייכות דחנוכה לחינוך כפשוטו, "חנוך לנער" (כולל גם "נער" בעניני תורה ויהדות) — כמבואר בדרושי חנוכה (תו"א וישב כט, ד. ועוד) שחנוכת המזבח בריבוי קרבנות הוא כמו חינוך הנער עי"ז שנותנים לו מתנות רבות.

76) משלי ו, כג.

77) ראה בארוכה אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך.

78) שבת כא, ב.

79) שהרי מפקחין על צרכי ציבור בשבת (ראה שבת קנ, א. רמב"ם הל' שבת פכ"ד ה"ה. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ו (סי"ב)).

היום, רעוא דרעוין[80], בסמיכות למוצאי שבת קודש, שאז יאירו כל שמונת הנרות[81] ויפעלו פעולתם על כל הרואים אותם[82] — יש לעורר עוה"פ אודות כל עניני חנוכה, ובודאי ינצלו את הזמן שנשאר עדיין בימי חנוכה, הן ביום השבת, ועאכו"כ במוצאי שבת ויום ראשון, „זאת חנוכה", להאיר בכל העולם כולו, הן בארץ ישראל והן בחוץ לארץ, מקצה העולם ועד קצהו, להאיר ע"י נר חנוכה כפשוטו, ולהעיר ב„נר מצוה ותורה אור", עד לשמן שבתורה, פנימיות התורה, ובלשון הידוע בברכת ימי חנוכה — ימי חנוכה מאירים, מאירים בזמנם ואינם בטלים לעולם[83], מכיון שממשיכים אותם והארתם בכל ימות השנה[84].

ויש לומר, שבהמשך הפעולה דימי חנוכה בימים שלאח"ז יש עילוי גדול יותר — מכיון שאין זה מצד הציווי, כי אם, חידוש שישראל מוסיפים מצד עצמם, ע"ד העילוי דדברי סופרים על דברי תורה (כנ"ל ס"ט), העילוי דמנהג ישראל על דברי סופרים[85], ועד לענין שאינו אפילו בגדר החיוב ד„מנהג ישראל", כבנדו"ד, המשכת ימי חנוכה על ובכל השנה כולה.

יא. ויה"ר — והוא העיקר — שע"י מעשינו ועבודתינו בכל הנ"ל (שכבר נעשו עד עתה, כולל גם קבלת החלטות טובות להמשיך ולהוסיף באור) נזכה בקרוב ממש לסוף הגלות והתחלת הגאולה.

ובלשון הכתוב בריש פרשתנו — „ויהי מקץ שנתיים ימים"[86], שבזה ב' פירושים: (א) „מקץ" מלשון סוף[87], סוף ה„שנתיים ימים" שהיו לפנ"ז (בס"פ וישב), סוף הגלות דיוסף בבית האסורים, (ב) „מקץ" מלשון התחלה[88], התחלת ה(שנתיים) ימים שאודותם מסופר בהמשך הפרשה, התחלת הגאולה דיוסף ש„מבית האסורים יצא למלוך"[89], כולל גם אסיפת כל האוצרות כו', כמארז"ל[90] „שלש מטמוניות הטמין יוסף במצרים . . ואחת גנוזה לצדיקים לעתיד לבוא", די"ל, שנכלל ב„רכוש גדול" שזוכים ע"י העבודה במשך כל

---

80) זח"ב פח, סע"ב.

81) כולל גם כל הרמזים דשמונה נרות* — כנגד שמונה נסיכי אדם שא' מהם משיח (סוכה נב, ב. וראה סהמ"צ להצ"צ מצות נר חנוכה פ"ג), וכנגד כינור דימות המשיח של שמונה נימין (ערכין יג, ב), כמבואר בארוכה בדרושי חנוכה.

82) ד„אף שאין לנו רשות להשתמש בהם אלא לראותם בלבד" — הרי, „לראותם" מותר וצריך כו', כולל גם הפעולה שע"י הראי' (כפתגם כ"ק מו"ח אדמו"ר „צוהערן זיך" לסיפורם של הנרות), ויתירה מזה, שראיית הנרות היא באופן שחודרת כל מציאותו עד שכל מציאותו „נבלעת" בהנרות, כך, שאין כאן אלא ראיית הנרות בלבד, כמודגש בדיוק הלשון „אלא לראותם בלבד".

83) רמב"ן ר"פ בהעלותך.

84) במכ"ש וק"ו מכל הימים טובים שהשפעתם נמשכת ומאירה על ובכל השנה (ראה לקו"ת ברכה צח, ב).

---

*) ובזה נכלל גם העילוי דעשר — בדוגמת „ויהי ביום השמיני" שנטל „עשר עטרות" (ר"פ שמיני ובפרש"י).

---

85) ראה לקו"ת דרושי סוכות פ, ג. ובכ"מ.

86) להעיר מאוה"ת ריש פרשתנו ש„שנתיים ימים" קאי על ב' בחי' שנה, בנוקבא ובדכורא, שנת הלבנה ושנת החמה. ויש לקשר לשנה זו — שנת העיבור, החיבור דשנת החמה ושנת הלבנה, „שנתיים ימים" ביחד.

87) פרש"י ריש פרשתנו.

88) ראב"ע שלח יג, כה. ועוד. וראה לקו"ש ח"ה ע' 198 ואילך. וש"נ.

89) קהלת ד, יד ובפרש"י.

90) פסחים קיט, א. וש"נ.

אריכות הגלות, במכ״ש וק״ו מה„רכוש גדול״[91] דיצי״מ.

ובלשון הקבלה והחסידות[92] — „קץ דשמאלא״[93], ו„קץ[94] הימין״[95]. ושניהם קשורים זה בזה — כי, ע״י בירור והעלאת ניצוצות הקדושה שנמצאים ב„קץ דשמאלא״, נעשה קץ הגלות[96], „קץ שם לחושך״[97], ובאים ל„קץ הימין״[98].

ויש לומר, שענין זה מרומז גם ב„יינה של תורה״[99] שבפירוש רש״י[100] „כל לשון קץ סוף הוא״ — שב„סוף״ נכלל „כל לשון קץ״, גם „קץ הימין״, כי, ע״י ה„סוף״, בירור „קץ דשמאלא״ שבסוף הגלות, באים ל„קץ הימין״[101].

ובהמשך לזה באים (להתחלת ה)קריאה דפ׳ ויגש, במנחת שבת[102] — „ויגש אליו יהודה״, כמבואר בדרושי חסידות[103] שהגשת יוסף ליהודה הו״ע סמיכת גאולה (ענינו של יוסף) לתפלה (ענינו של יהודה), ואין ענין יוצא מידי פשוטו — שהגאולה באה בסמיכות ממש לתפלה שמתפללים בנ״י „ותחזינה עינינו בשובך לציון״, תיכף ומיד ממש.

וזוכים לראות את הדלקת המנורה בביהמ״ק — כפי שקורין מחר ביום הראשון, „זאת חנוכה״, „דבר אל אהרן גו׳ בהעלותך את הנרות וגו׳״, ויתירה מזה — שאין צורך להמתין עד לקריאה בתורה (ב„זאת חנוכה״), אלא זוכים לזה תיכף ומיד ממש, ביום השבת לאחרי חצות, בין הערביים, זמן הדלקת המנורה בביהמ״ק[104].

וכן תהי׳ לנו — יראה כהן בציון, שזוכים לראות את אהרן הכהן שמדליק המנורה („ראיתי והנה מנורת זהב כולה״[37]) בביהמ״ק השלישי בתכלית השלימות, „כמצות רצונך״[105], ובנוסח התפלה ד„ועל הנסים״ — „באו בניך לדביר ביתך . . והדליקו נרות בחצ־רות[106] קדשך״, עד „להודות ולהלל לשמך הגדול״, בתכלית השלימות, כי

91) לך לך טו, יד.

92) ראה אוה״ת ריש פרשתנו.

93) זהר פרשתנו קצג, ב. קצד, א.

94) לשון הפסוק סוף דניאל. וראה זח״א נד, סע״א. סב, ב. ובכ״מ.

95) לקו״ת להאריז״ל עה״פ.

96) וי״ל ש„שנתיים ימים״ רומז גם לב׳ האופנים הכלליים שבגלות (שצריך לעשות להם קץ וסוף) — גלות רוחני וגלות גשמי.

97) איוב כח, ג. וראה אוה״ת שם ע׳ שלט ואילך.

98) להעיר מהשייכות לימי חנוכה — „שזהו ענין עד שתכלה רגל מן השוק, להעלות בחי׳ רגל השמאלי שמתלבש בקץ דשמאלא, ואז יהי׳ קץ הימין״ (אוה״ת ריש פרשתנו).

99) „היום יום״ כ״ט שבט.

100) הביאור בפשוטו של מקרא — מדוע מאריך רש״י בפירוש תיבת מקץ שמצינו כמ״פ לפנ״ז (ועוד דיוקים) — ראה לקו״ש ח״ה ע׳ 196 ואילך.

101) לקו״ש שם ע׳ 201.

102) זמן הקשור במיוחד עם תכלית השלימות דשבת — „יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים״ (ראה המשך תרס״ו ע׳ תקמב).

103) ד״ה ענין הגשת יהודה ליוסף תרכ״ט. ד״ה ויגש אליו יהודה תרס״ו. ובכ״מ.

104) ואפילו לדעת הרמב״ם שמדליקין המנורה (לא רק בין הערביים, אלא) גם בבוקר — הרי, אין מחנכין את המנורה (ההדלקה הראשונה בביהמ״ק השלישי) אלא בין הערביים (הלכות תמידין ומוספין פ״ג ה״י־יא).

105) מכין שכל הענינים שבהם ועל ידם נעשית הדלקה — השמן, הפתילות וכו׳ — יהיו בתכלית השלימות (ראה תו״ת ר״פ ויחי. ובכ״מ).

106) ידועה השקו״ט בפי׳ „בחצרות קדשך״ אף שהדלקת המנורה היא בהיכל המקדש (ראה בארוכה לקו״ש חכ״ה ע׳ 235 ואילך. וש״נ).

"לא[107] יכנף[108] עוד מוריך והיו עיניך רואות את מוריך"[109] — בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, תיכף ומיד ממש.

107) ישעי' ל, כ. וראה תניא פל"ו (מו, א).

108) אפילו לא "כנף", כנף בלבד, שאינו אלא קצהו של הלבוש — נוסף לכך שגם הלבוש עצמו (לא רק "כנף") טפל ובטל להמלובש בו, ועאכו"כ כשהמלובש בו הוא "מוריך".

109) כלומר, אף שגם לעת"ל יהי' המציאות ד"כנף", כל סדר ההשתלשלות, מעשה מרכבה, עשר ספירות, עד לספירות אין קץ כו' — מ"מ, לא יסתיר ה"כנף" על "מוריך", אלא "והיו עיניך רואות את מוריך".



## משיחות ש"פ ויגש, ט' טבת
## ויום א', עשרה בטבת יהפך לשמחה — ה'תשמ"ט

א. ט' טבת האָט אַ שייכות מיט דעם צום העשירי — עשרה בטבת, ווי פאַר־שטאַנדיק פון דעם וואָס מ'זאָגט אין סליחות (פון עשרה בטבת) „זועמתי בתשעה בו בכלימה וחפר כו'", ובהמשך לזה רעדט זיך וועגן די ענינים פון עשרה בטבת.

[און ווי עס שטייט אין מגילת תענית[1], געבראַכט אין שולחן ערוך[2], אַז ט' טבת איז פון די ימים „שאירעו בהם צרות לאבותינו וראוי להתענות בהם"[3]].

ויש לומר, אַז די שייכות ביניהם (צווישן ט' און י' טבת) איז אויך מובן פון זייער סמיכות אין זמן, ט' טבת איז ערב עשרה בטבת, ווי מ'זעט בנוגע צו כמה ענינים (אויך אין הלכה) אַז אַ סמיכות אין זמן (בתוך שלשה ימים[4], עאכו"כ ב' ימים סמוכים) באַווייזט אויף אַ שייכות צווישן די טעג[5].

וכפשטות הענין בנדו"ד, אַז די הכנות צו דעם מאורע וואָס האָט פּאַסירט בעשרה בטבת, וואָס „בו סמך מלך בבל . . על ירושלים והביאה במצור ובמצוק"[6], האָבן זיך אָנגעהויבן אין די טעג לפני זה, און זיכער אין דעם ערב יום זה. ווי דער סדר איז, אַז איידער מ'גייט באַלאַגערן אַ שטאָט, גרייט מען זיך דערצו, און עס נעמט אַ משך זמן ביז מ'באַלאַגערט איר בפועל און אײנגאַנצן (באופן פון „והביאה במצור ובמצוק"), וואָס דאָס איז געווען בעשרה בטבת.

והימים האלה נזכרים ונעשים[7], ט' טבת יעדער יאָר (אפילו אַז מען פאַסט ניט אין דעם טאָג, ובשנה זו ווען דאָס קומט אויס ביום השבת טאָר מען דאָך ניט פאַסטן) דאַרף זיין די התבוננות און „זכרון דברים אלו"[8] וואָס האָבן פּאַ־סירט בפעם הראשונה, על מנת „לעורר

1) בפרק ימי הצומות.

2) סוף הל' תענית — או"ח סתק"פ ס"ב. ועד"ז בטור שם.

3) בשו"ע שם (וכ"ה במגילת תענית שם) „לא נודע איזה היא הצרה שאירע בו". אבל בנו"כ שם כבר פירשו שבאותו יום מת עזרא הסופר, כדאיתא בסליחות דעשרה בטבת. ובמפרשי מגילת תענית הובאו עוד ענינים שאירעו באותו יום.

ואף שמיתת עזרא (וכן שאר הענינים שאירעו בט' טבת) אין לו שייכות לכאורה לסמך מלך בבל בעשרה בטבת (בחורבן בית ראשון), הרי מזה שמקשרם (בזמן ובעיקר) בסליחות, מובן שיש שייכות ביניהם, כבפנים.

ובכל אופן — כל ימי תעניות יש להן שייכות (ובפרט ימי תעניות שסמוכין זל"ז), שהרי כולן הן „יום רצון לה'" (ישעי' נח, ה. אגה"ת ספ"ב). וגם סיבת כל התעניות קשורין זב"ז — שהן „מדרכי התשובה" (רמב"ם ריש הל' תעניות), כמו הד' צומות שהן „כדי לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה ויהי' זה זכרון למעשינו הרעים ומעשה אבותינו שהי' כמעשינו עתה עד שגרם להם ולנו אותן הצרות" (רמב"ם שם רפ"ה).

4) ובעניננו — ח' טבת, שהוא הראשון מהשלש ימים ש„קבעתי תענית", כמו שאומרים בסליחות.

5) ובפנימיות הענינים — ה"ז מורה על שייכותם בתוכן, ולכן נשתלשל מזה סמיכותם בזמן.

6) רמב"ם הל' תעניות פ"ה ה"ב. מר"ה יח, ב. וראה מלכים־ב כה, א־ב. ירמי' נב, ד־ה. יחזקאל כד, ב.

7) אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בס' תיקון שובבי"ם, הובא ונת' בס' לב דוד להחיד"א פכ"ט.

8) רמב"ם שם רפ"ה.

הלבבות לפתוח דרכי התשובה"[8] אויף די ענינים וואס האבן געבראכט צו דעם תענית.

ויש לומר, אז בקביעות שנה זו, ווען ט' טבת קומט אויס ביום השבת, וואס דעמולט זיינען דא נאר די ענינים טובים ונעלים פון א יום תענית (ווייל מ'פאסט דעמולט ניט), אז דאס איז א „יום רצון לה'"[9] — קומט צו אן עילוי מיוחד אין דער עבודה פון ט' טבת ערב עשרה בטבת.

ב. ווערט מען דאס פארשטיין בהקדים א חידוש וואס מ'געפינט דוקא ביי עשרה בטבת — וואס ביי אים שטייט אין פסוק (און צוויי מאל) „בעצם היום הזה"[10]. וידוע דעת האבודרהם[11] (געבראכט אין בית יוסף[12]), אז דער תענית פון עשרה בטבת האט אין זיך א תוקף וחומרא לגבי די אנדערע ג' צומות, אז „אפילו הי' חל בשבת לא היו יכולים לדחותו ליום אחר מפני שנאמר בו בעצם היום הזה כמו ביום הכפורים".

און אע"פ אז בזמן הזה עשרה בטבת „אינו חל לעולם בשבת"[13], איז פאראן א נפק"מ להלכה בזמן שמקדשין ע"פ הראי' — לאחרי החורבן (ביז ס'איז נתבטל געווארן קידוש ע"פ הראי'), ועד"ז לויט די דיעות אז עס וועט זיין סנהדרין „לפני בא המשיח"[14] און מ'וועט מקדש זיין ע"פ הראי'.

ויש לומר אז אויך בזמן הזה איז דא א חומרא אין דעם תענית פון עשרה בטבת לגבי די אנדערע צומות — ווען עשרה בטבת איז חל בערב שבת, איז מען דעמולט משלים דעם תענית ביז צאת הכוכבים (אפילו אויב מ'האט מתפלל געווען תפלת ערבית של שבת מבעוד יום) אפילו לפי הדיעה[15] אז ביי אנדערע תעניתים טאר מען ניט פאסטן בערב שבת נאך מעריב.

בכל אופן — בנוגע צו דעם תוכן העבודה פון עשרה בטבת („לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה") — איז זיכער דא א נפק"מ פון דעם חומר ותוקף אין עשרה בטבת לגבי די אנדערע צומות.

ג. איינער פון די טעמים פארוואס עשרה בטבת האט אזא תוקף (אז דאס איז דוחה שבת), י"ל — ווייל[16] „ותבוא העיר במצור"[17] וואס איז געשען בעשרה בטבת, איז געווען די התחלה וואס האט סוף סוף דערפירט צו די שפעטערדיקע מאורעות — „ותבקע העיר"[18] (בשבעה עשר בתמוז) ביז צום „וישרוף את בית ה'"[19], דער חורבן בית המקדש (בתשעה באב).

און וויבאלד אז דער ענין פון די ד' צומות איז „כדי לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה", דעריבער איז דא א חומר און א תוקף מיוחד אין דעם צום, ווייל דאן (ווען „סמך מלך בבל על

9) ראה לקו"ש י"ז תמוז (נדחה) תשמ"ח ס"ד ואילך.

10) כתב לך את שם היום את עצם היום הזה סמך מלך בבל אל ירושלים בעצם היום הזה (יחזקאל כד, ב).

11) הל' תעניות.

12) לטאו"ח סתק"נ. וראה לקו"ש חט"ו ע' 421 הערה 78. ח"כ ע' 354 הערה 29.

13) אבודרהם שם.

14) פיה"מ להרמב"ם סנהדרין פ"א מ"ג.

15) שו"ע אדה"ז או"ח סרמ"ט ס"ד. וש"נ.

16) ראה לקו"ש חט"ז שם. ח"כ שם. חכ"ה ע' 267. ע' 449. ע' 464. וראה עד"ז שו"ת שואל ומשיב מהדו"ק ח"ג סקע"ט.

17) מלכים־ב כה, ב. ירמי' נב, ה.

18) מלכים שם, ד. ירמי' שם, ז.

19) מלכים שם, ט. ירמי' שם, יג. וראה תענית כט, א.

ירושלים") איז געווען די וואָרענונג מל־מעלה אַז אויב מ'וועט ניט תשובה טאָן, וועט פון דער התחלה קומען אַ המשך כו'.

קומט אויס, אַז דער מאורע בעשרה בטבת אַז „סמך מלך בבל על ירושלים" — איז די התחלה וסיבה וואָס האָט גע־בראַכט די אַלע אַנדערע מאורעות (וואָס האָבן גורם געווען די אַנדערע צומות) ביז דעם חורבן ביהמ"ק, ביז דערנאָך — דעם חורבן בית שני, און כללות הגלות אין וועלכן אידן געפינען זיך עד היום הזה.

ד. ויש לומר בעומק יותר:

ס'איז אַ כלל אַז ירידה צורך עלי' — די כוונה אין אַ ירידה איז, בכדי דאָס זאָל צוברענגען נאָך אַ העכערן עילוי ווי ס'איז געווען פריער (לפני הירידה), נאָר די וועג צוקומען דערצו איז דורך אַ מצב וואָס איז אַ ירידה לפי שעה.

ועפ"ז דאַרף מען זאָגן, אַז דער טעם פאַרוואָס דער צום פון עשרה בטבת האָט אַזאַ חומר ותוקף (אַז דאָס איז דוחה שבת) מצד דעם וואָס דאָס איז התחלת הירידה (וועלכע האָט דערנאָך גע־בראַכט צו די ירידות שלאחרי זה) — איז דאָס דערפאַר וואָס די עלי' וואָס דאָס דאַרף ברענגען האָט אין זיך אַ תוקף גדול (אין קדושה), און דערפאַר איז נשתלשל געוואָרן אַז אויך די ירידה האָט אַ תוקף, בכדי אַז די ירידה בתוקף זאָל צוברענגען אַן עלי' בתוקף.

ועי"ד ווי דאָס איז בנוגע צו כללות ענין הצומות, אַז תכליתם איז (ניט נאָר זיי זאָלן בטל ווערן, נאָר נאָכמער): יהפכו ימים אלו[20] לששון ולשמחה ול־מועדים טובים[21], וואָס דורך דעם קומט צו אַ יתרון האור וועלכע איז ניטאָ ביי אַנדערע מועדים.

און צווישן די צומות גופא, איז דאָ אַ תוקף ועילוי אין עשרה בטבת, וואָס דערפאַר ווערט נשתלשל אַז די ירידה וחושך וועלכע זיינען פאַרבונדן מיטן צום האָט דעם תוקף וחומרא אַז דאָס איז דוחה שבת.

ה. דער ביאור אין דעם:

די ד' צומות (וועלכע זיינען געקומען צוליב „מעשינו הרעים") און כללות ענין הגלות (וועלכער איז געקומען „מפני חטאנו") איז צורך עלי' — בכדי „לעורר הלבבות לפתוח דרכי התשובה", און דורך דעם אַרויסברענגען די טיפע הת־קשרות ואחדות צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, דער גודל האהבה והחיבה פנימית פון דעם אויבערשטן צו אידן און פון אידן צו דעם אויבערשטן, שלמעלה מכל מדידה והגבלה.

כל זמן וואָס אידן געפינען זיך „סמוך על שולחן אביהם", בזמן שביהמ"ק הי' קיים, און אלקות שטייט בגלוי — הערט זיך נאָך ניט אַן ווי טיף איז דער פאַר־בונד צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן: דורך „מעשינו הרעים" וועלכע האָבן פוגם געווען אין די כחות גלויים פון אַ אידן, וואָס צוליב דעם „גלו מעל שולחן אביהם"[22], און אעפ"כ טוען אידן תשובה — ווערט נתגלה אַז קיין זאַך קען ניט אָנרירן דעם עצם קשר צווישן דעם אוי־בערשטן און אידן.

און וויבאַלד אַז די התקשרות עצמית דאַרף אַרויסקומען בגילוי אין אַלע עני־

20) ראה זכרי' ח, יט.

21) רמב"ם סוף הל' תעניות.

22) ברכות ג, א.

נים, דעריבער דארף די תשובה אויך אויפטאָן, אַז אפילו אין דער דרגא (די כחות הגלויים) וואו די עבירה רירט יע אָן, ווערט די עבירה בטל, און נאָכמער — זדונות נעשו לו כזכיות[23], ביז זכיות ממש [און אַזוי ווערט אויך אויפגעטאָן אין דעם ענין הצומות, וועלכע זיינען אַ מסובב פון די זדונות ועבירות, אַז זיי ווערן ניט בלויז בטל, נאָר יהפכו לימים טובים כו׳].

וכידוע אַז דורך תשובה מאַכט מען אויף אַ נייע מציאות סיי פון דעם מענטשן אַליין (זיינע כחות גלויים), און סיי פון דעם גאַנצן אַרום, ביז פון גאַנץ סדר השתלשלות (בחי׳ הגילויים).

ו. וכשם ווי דאָס איז בנוגע צו דער אחדות צווישן הקב״ה וישראל, אַזוי איז דאָס אויך בנוגע צו דער אחדות צווישן אידן עצמם:

ס׳איז ידוע אַז די אחדות צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן איז פאַרבונדן מיט די אחדות בא אידן צווישן זיך („ברכנו אבינו״ איז פאַרבונדן מיט „כולנו כאחד״).

און היות אַז אהבת ישראל איז אַ „כלל גדול בתורה״[24], און נאָכמער — „זוהי כל התורה כולה ואידך פירושה הוא זיל גמור״[25] — קומט דורך דעם צו שלימות אין כל התורה ומצוותי׳, און דורך תורה (אורייתא) — אין די התאחדות פון ישראל וקוב״ה, אַז זיי ווערן כולא חד[26] (אויך בגלוי), „ואהבת לרעך כמוך״[27], רעך זה הקב״ה[28].

ויש לומר אַז דאָס איז (פון די טעמים) פאַרוואָס שנאת חנם איז די סיבה אויף דעם חורבן בית המקדש און דעם תוקף ואורך פון גלות זה האחרון (ביז אַז „לא נתגלה קצם״)[29] — ווייל דורך דעם וואָס עס האָט געפעלט אין אחדות בא אידן, האָט עס געבראַכט אַז השראת השכינה זאָל ניט זיין בגלוי למטה בא אידן (אין ביהמ״ק).

וויבאַלד אָבער אַז ירידה צורך עלי׳, איז כשם ווי די ירידה אין גלות ברענגט צו גילוי האהבה עצמית צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, אַזוי איז אויך בנוגע צו די אהבת ואחדות ישראל (וואָס אין איר איז תלוי די אחדות מיט דעם אויבערשטן) — אַז דוקא דורך דער ירידה אין גלות (ווערט ניט נאָר דער ביטול העון פון שנאת חנם, נאָר נאָכמער — עס) ווערט נתגלה די אהבה עצמית און אחדות אמיתית צווישן אידן, אַז טראָץ דעם וואָס זיי זיינען אין גלות „מפוזר ומפורד בין העמים״[30], „אחד מכם גולה לברבריא ואחד מכם גולה לסמטריא״[31], קען קיין זאַך (אויך דער פירוד במקום כו׳) ניט אָנרירן די אהבת ישראל („ואהבת לרעך כמוך״) וואָס איין איד האָט צו דעם צווייטן (אפילו אַזאַ וועלכער געפינט זיך בקצוי תבל און ער האָט אים קיינמאָל ניט געזען).

ז. עפ״ז יש לבאר דעם תוקף בקדושה וואָס איז דאָ אין (דער עלי׳

---

23) יומא פו, א.

24) תו״כ קדושים יט, יח.

25) שבת לא, א.

26) ראה זח״ג עג, א.

27) קדושים שם.

28) ראה פרש״י שבת שם.

29) יומא ט, ב ובחדא״ג מהרש״א שם. לקו״ת מטות פו, א. ועוד. בגמ׳ שם הוא לגבי חורבן בית שני, אבל מובן שיש לזה שייכות גם לבית ראשון (ראה לקו״ש חכ״ה ע׳ 268 ובהערות שם).

30) ל׳ הכתוב — אסתר ג, ח.

31) שהש״ר פ״ב, ו.

הקשור למילוי השליחות של נשיא הדור, מכיון שהולכים בכחו של נשיא הדור, שאצלו נעשה הענין ד„בא אל פרעה" (כמו אצל משה רבינו, ועד"ז באתפשטותא דמשה שבכל דור[63], שעל ידו נמשך גם בניצוץ משה שבכאו"א מישראל[64]), „דעייל לי' קב"ה אדרין בתר אדרין לגבי תנינא כו'", שיוכל לבטל לגמרי כל הענינים הבלתי־רצויים (ועד — להפכם לטוב).

י. ההוראה מכל האמור לעיל בנוגע למעשה בפועל:

בעמדנו ביום הש"ק ר"ח שבט, יש לעורר ולהתחיל בכל עניני העבודה הקשורים עם יום ההילולא דעשירי בשבט (כפי שכבר נתפרסמו פרטי ההנהגות דיום ההילולא, החל מהשבת שלפנ"ז[65]), כולל ובמיוחד — עריכת התוועדויות בכל מקום ומקום, ולכל לראש — כאן, ב„עיר הבירה", ד' אמותיו של בעל ההילולא, ובארצנו הקדושה, שבהם יתעוררו ויקבלו החלטות טובות להוסיף ביתר שאת וביתר עוז בהליכה „בדרך ישרה אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו נס"ר"[48], ע"י הפצת התורה והיהדות והפצת המעיינות חוצה.

והדגשה מיוחדת בשנה זו — שנת העיבור, „שנה תמימה"[66], שכל ענינים אלו צריכים להיות באופן של תמימות ושלימות, כולל גם ההשלמה והשלימות דעניני העבר (ענין התשובה), כמודגש במנינה של השנה — „תשמט ידך"[67], השמטות כל החובות כו'.

ועוד ענין עיקרי בכל הנ"ל — בהתאם להוראה שלמדים מהחיבור דשבת ור"ח, המודגשת גם בהתחלת הפרשה החסידית דשבת זו — שהעבודה תהי' באופן של „מוספים כהלכתם" ו„תמידים כסדרם" גם יחד, שתנועת הדילוג והחידוש שברגעים מיוחדים חודרת ונמשכת בעבודה המסודרת שבהמשך הזמן, היינו, שבכל עבודה שבכל רגע נרגש יחודו של רגע זה, „אם לא עכשיו אימתי"[68], וביחד עם זה, שיש לו גם המשך נצחי, כנ"ל בארוכה.

יא. ויה"ר ש„מעשינו[69] ועבודתינו"[70] בכל הענינים האמורים ימהרו ויזרזו עוד יותר את „תכלית השלימות . . של ימות

---

לקיום השליחות דכ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו באים (גם) ע"י ההשתטחות וקריאת הפדיונות כו' על הציון הקדוש, בעלמא דין, שלכן, יש בזה גם המעלה של הוראה ופס"ד ע"י מורה־הוראה שנמצא בעלמא דין.

63) ראה תקו"ז תס"ט (קיב, רע"א. קיד, רע"א). וראה אגה"ק ביאור לסז"ך.

64) תניא רפמ"ב.

65) ספר המנהגים־חב"ד ע' 95 ואילך.

66) בהר כה, ל. ערכין לא, א — במשנה. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פי"ב ה"ה.

67) ל' הכתוב — ראה טו, ג.

68) להעיר גם מהמשך ההילולא (ד"ה באתי לגני שם) „מי הוא היודע עתו וזמנו כו'", שבזה נכלל גם היוקר דיחודו של רגע זה, כי, מי ידע אם רגע מיוחד זה יחזור עוה"פ.

69) לשון רבינו הזקן בתניא רפל"ז. ועד"ז בתו"א פרשתנו נה, ב.

70) להעיר מדיוק לשון הרמב"ם בפ"י מהלכות תשובה (שיעור היומי) — שמשתמש בשתי הלשונות „מעשה" ו„עבודה": „הריני עושה מצוות התורה . . כדי שאקבל כל הברכות כו' אין ראוי לעבוד את ה' על הדרך הזה . . עובד מיראה . . יעבדו מאהבה" (ה"א), „העובד מאהבה . . עושה האמת מפני שהיא אמת . . לא עבד אלא מאהבה . . יעשה כל המצוות מאהבה" (ה"ב), „לא תעשו אלא מאהבה . . עבדו מאהבה" (ה"ד).

וי"ל שזה המקור לדיוק לשונו של רבינו הזקן „מעשינו ועבודתינו" (וראה גם לקוטי לוי"צ הערות לתניא שם. ד"ה והי' עקב תשמעון תשכ"ז פ"ג ואילך (סה"מ — מלוקט ח"ב ע' סח ואילך)).

**המשיח ותחיית המתים"[69], שאז, יעסקו בכל עניני העבודה דיום ההילולא ביחד עם בעל ההילולא, נשמה בגוף — „הקיצו[71] ורננו שוכני עפר"[72] (שהרי צדיקים קמים לתחי' מיד[73]).**

**ואז יהי' גם הענין ד„בא אל פרעה" בתכלית השלימות — הן כפשוטו, בנוגע לגאולה מהגלות, „כימי צאתך מארץ מצרים"[74], שמשה בא אל פרעה בשליחותו של הקב"ה ואומר לו „עד[75] מתי" . . וממשיך ואומר „בנערינו ובזקנינו נלך בבנינו ובבנותינו גו' נלך"[76] (כפי שקורין תיכף בתפלת מנחה), עד ליציאה ממצרים בפועל ממש — „בעצם היום הזה יצאו כל צבאות ה' מארץ מצרים", „בעצם היום הזה הוציא ה' את בני ישראל מארץ מצרים על צבאותם"[77], והן הפירוש הפנימי, שלימות הגילוי ד„אתפריעו ואתגליין מיני' כל נהורין", שעי"ז נעשית גם הגאולה כפשוטה[78] (או בסדר הפוך, שתחילה באה הגאולה כפשוטה, ולאח"ז נעשה שלימות הגילוי ד„אתפריעו כו' כל נהורין").**

**וגם הגילוי ד„וארא" לכאו"א מישראל יהי' אז בתכלית השלימות — „כי עין בעין כו' ביתר שאת ויתר עז מבמ"ת"[79].**

**והעיקר — שכל זה יהי' בפועל ממש, ותיכף ומיד ממש[80], שבעיצומו של יום השבת ור"ח[81] זוכים לקיום היעוד[82] „והי' מידי חודש בחדשו ומידי שבת בשבתו יבוא כל בשר להשתחוות לפני" — בבית המקדש השלישי (בירושלים עיר הקודש שבארצנו הקדושה) שיבנה במהרה בימינו ממש.**

---

71) ישעי' כו, יט.

72) כולל גם הרבניות הצדקניות ממשפחת בית הרב שנסתלקו בחודש זה — אמו זקנתו (ביו"ד שבט), אמו (בי"ג שבט), ובתו (בכ"ב שבט).

73) ראה זח"א קמ, א.

74) מיכה ז, טו.

75) בא יו"ד, ג.

76) שם, ט.

77) שם יב, מא-נא. וראה תו"א ר"פ בא.

78) להעיר ש„כל נהורין" כולל גם „אורו של משיח" (ראה זח"ג לד, ב).

79) תו"א פרשתנו נו, ד. ד"ה וארא גו' הנ"ל ע' רלא. וראה גם תניא פל"ו.

80) ובפרט מצד מעלת התשובה* בשלימותה, — הן מצד כללות ענין השבת (ובפרט יום השבת שבו מסיימים הלכות תשובה), הן מצד מעלת הציבור, שה„ציבור כל זמן שעושים תשובה הן נענין, שנאמר כה' אלקינו בכל קראנו אליו", כמו היחיד ב„עשרת הימים שבין ראש השנה ויום הכיפורים" (כולל גם שלימות התשובה דיוהכ"פ עצמו), כמ"ש הרמב"ם בהל' תשובה (פ"ב ה"ו), והן מצד מעלת המקום, ד' אמותיו של כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, ששמו (הראשון) מורה על ענין ועבודת התשובה — „יוסף ה' לי בן אחר", לעשות מ„אחר" „בן" (כנ"ל הערה 7) —

ש„הבטיחה תורה" שעל ידה „מיד הן נגאלין", כפס"ד הרמב"ם (הל' תשובה פ"ז ה"ה), מיד כפשוטו, כהמשך הענין (שם ה"ז) — „צועק ונענה מיד, שנאמר והי' טרם יקראו ואני אענה".

81) להעיר מהשייכות דשבת ור"ח לגאולה: שבת — מעין „יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים" (ובפרט לאחרי חצות, „רעוא דרעוין" (ראה המשך תרס"ו ע' תקמב)), ור"ח — „שהם עתידים להתחדש כמותה".

82) ישעי' סו, כג — הפטרת שבת ר"ח. וראה יל"ש עה"פ (רמז תקג): „הרי שחל ר"ח להיות בשבת . . באים שני פעמים, אחד של שבת ואחד של ר"ח . . בהשכמה . . (וב)מנחה".

---

*) ראה ד"ה וארא הנ"ל, ש„בכל מאדך (אופן העבודה דבעלי תשובה) הוא המדרגה שיהי' מזה לע"ל דכתי' עין בעין יראו כו' שזה תלוי בתשובה דוקא, כמארז"ל אם ישראל עושין תשובה נגאלין כו'" (וראה לעיל הערה 24).

## משיחת ש"פ בא, ח' שבט ה'תשמ"ט

א. היינט איז דער שבת פאַר יו"ד שבט, דער יאָרצייט-הילולא פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו.

וואָס אין דעם שבת (שמיני' מתברכין די קומענדיקע ימי השבוע[1]) הויבט מען זיך אָן גרייטן און מ'שטעלט דעמולט אויס די עבודה פון דער קומענדיקער וואָך, כולל ובמיוחד די ספּעציעלע טעג פון דער וואָך, ובעניננו — דער טאָג פון יו"ד שבט.

ביז אַז אין דעם שבת הויבט מען שוין אָן פראַוועון דעם יאָרצייט — כידוע די פאַרשידענע מנהגי ישראל אין דעם שבת פאַר אַ יאָרצייט: מ'איז דעמולט עולה לתורה[2], וכיו"ב.

ב. איינער פון די ביאורים אין דעם (וואָס די הכנות צו דעם יאָרצייט הויבן זיך אָן אין דעם שבת שלפניו):

אין דעם יאָרצייט (ועאכו"כ) פון אַ צדיק, ווערט אַן עלי' שלא בערך אין דער נשמה פון דעם צדיק[3], און „כל מעשיו ותורתו ועבודתו אשר עבד בה כל ימי חייו" איז דעמולט עולה ונכלל למעלה[4], און דאָס איז „מתגלה ומאיר בבחי' גילוי מלמעלה למטה . . ופועל ישועות בקרב הארץ"[5].

דערפון איז פאַרשטאַנדיק בנוגע דעם יאָרצייט פון אַ נשיא הדור, ווי דער יאָרצייט בנדו"ד פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו — אַז דורך דער עלי' שלא בערך וואָס ווערט דעמולט אויפגעטאָן אין דעם נשיא הדור, ווערט אויך אַן עלי' (שלא בערך) אין כל אנשי הדור, וואָרום „הנשיא הוא הכל"[6], ו„בתר רישא גופא אזיל"[7].

און וויבאַלד אַז דער טאָג פון יאָרצייט ווערט געבענטשט פון דעם שבת שלפניו, דעריבער הויבט זיך שוין אָן דעמולט די עלי' (אין דעם צדיק ונשיא, און אין כל אנשי הדור). ובפרט אַז ביום השבת בכלל ווערט אויפגעטאָן עליית כל העולמות (ועליית הזמן כו'), איז דאָך זיכער אַז דעמולט ווערט אַן עלי' מיוחדת אין דער נשמה פון דעם בעל ההילולא, און על ידי זה — אין כל הדור כולו.

ובהתאם לזה זיינען פאַראַן די מנהגים אין דעם שבת לפני יום ההילולא[8], וביני־

---

1) זח"ב סג, ב. פח, א.

2) ס' המנהגים-חב"ד ע' 79. ושי"נ.

3) כמובן ממ"ש בכתבי האריז"ל (שער הכוונות ענין הקדיש. פע"ח שער הקדישים ספ"א בהג"ה. סידור האריז"ל קודם עלינו. ועוד. הובא בשיורי ברכה לשו"ע יו"ד סו"ס שעו) שאמירת קדיש (אפילו בתוך הי"א חודש) שייך ג"כ לעליית הנשמה ממדריגה למדריגה בג"ע עצמו, ועאכו"כ אמירת קדיש ביום היאָרצייט בכל שנה, ועאכו"כ בנוגע לצדיק (שגם בתוך הי"א חודש הרי אמירת הקדיש היא רק בשביל העליות) — ראה בארוכה לעיל ע' 175 ואילך.

4) אגה"ק סי' זך (קמז, א־ב). וראה סידור שער הל"ג בעומר (דש, ב־ג). ועוד.

5) אגה"ק סי' כח (קמח, א).

6) פרש"י חוקת כא, כא.

7) עירובין מא, א. וראה סוטה מה, ב.

8) ראה מכתב מר"ח שבט תשי"א — נדפס בלקו"ש ח"א ס"ע 216 ואילך. ס' המנהגים-חב"ד ע' 95 ואילך. אגרות קודש ח"ד ע' קמד ואילך.

הם — אַז מ'איז דעמולט עולה לתורה, וכידוע[9] אַז דורך אַן עלי' לתורה ווערט אויפגעטאָן אַן עלי' אין דער נשמה פון דעם עולה לתורה, און אין אַלע דרגות שבה, ביז אויך אין אַלע כחות הנפש, און אויך אין די לבושי הנפש — מחשבה דיבור ומעשה.

ג. אין דער עלי' פאַרבונדן מיט יו"ד שבט קומט צו אַ חידוש דעם יאָר (תשמ"ט) — ווען עס הויבט זיך אָן דער שנת הארבעים פון דעם יום ההילולא יו"ד שבט תש"י:

די תקופה פון ארבעים שנה איז ספּעציעל אויסגעטיילט אין תורה. ווי עס שטייט אין ספר דברים[10], אַז אין דעם שנת הארבעים במדבר האָט משה געזאָגט די אידן: „אתם ראיתם את כל אשר עשה ה' לעיניכם בארץ מצרים גו' המסות הגדולות אשר ראו עיניך האותות והמופתים הגדולים ההם". און דערנאָך איז ער ממשיך, אַז איצטער, אין דעם שנת הארבעים, „נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע".

און חז"ל לערנען דערפון אָפּ[11], אַז „לא קאי איניש אדעתי' דרבי' עד ארבעין שנין" (לדעת סוף דעתו ותבונתו), ובלשון רש"י (עה"פ): „אין אדם עומד על סוף דעתו של רבו וחכמת משנתו עד ארבעים שנה"[12].

דאָס הייסט, אַז דער ערשטער נשיא ישראל, משה רבינו, זאָגט אידן, אַז שטייענדיק אין דעם פערציקסטן יאָר זינט מ'איז אַרויס פון מצרים, און לאחרי וואָס מ'האָט געזען די אַלע אותות ומופתים — הויבט זיך איצטער אָן אַ נייע תקופה (סיי בנוגע צו משה[13] און סיי בנוגע צו אַלע אידן), מצד דעם וואָס „נתן ה' לכם לב לדעת גו'", און „קאי איניש אדעתי' דרבי'".

אַז נאָך דער עבודה פון אַלע יאָרן אין מדבר באַקומען אַלע אידן[14] (אין דעם שנת הארבעים) גאָר אַ נייעם, שלימותדיקן פאַרשטאַנד אין „דעתי' דרבי'", דער אויבערשטער[15] כביכול (בדוגמא ווי אַ תלמיד וואָס איז „קאי אדעתי' דרבי'" דורך זיין התעמקות במשך ארבעים שנה אין שכל הרב). ביז אין אַן אופן פון „קאי אדעתי' דרבי'", ער שטעלט זיך אוועק און ער בלייבט קיים אויף „דעתי' דרבי'", אַזוי אַז דאָס נעמט דורך זיינע גאַנצע מוחין: „סוף דעתו ותבונתו" „וחכמת משנתו"[16] — חכמה בינה ודעת[16*].

9) לקו"ד ח"א כה, ב ואילך. ס' השיחות תש"ב ע' 75.

10) תבוא כט, א ואילך.

11) ע"ז ה, ריש ע"ב.

12) וראה אבות ספ"ה: בן ארבעים לבינה. וראה מפרשי המשנה שם.

13) כדמשמע מפרש"י ותוס' ע"ז שם. וראה אוה"ת תבוא עה"פ (ס"ע תתשלד). לקו"ש חי"ד ע' 107. — ולהעיר מאוה"ת דברים (ע' יח), שהארבעים יום של משה בהר סיני הם כנגד הארבעין שנין דקאי איניש אדעתי' דרבי' (כי יום למעלה חשיב שנה).

14) גם מי שהוא בבחי' „איניש", שמורה על חלישות ופחיתות האדם (כידוע החילוק בין ד' תוארי האדם) — ראה לקו"ת שה"ש כה, א. ד"ה ואיש כי ימרט תרכ"ט. ובכ"מ.

15) וכמ"ש בנוגע להמן (שעי"ז נעשה הכנה ל„נתן ה' לכם לב לדעת גו'", כדלקמן הערה 18) „ויענך וירעבך ויאכלך את המן גו' למען הודיעך כי לא על הלחם לבדו יחי' האדם כי על כל מוצא פי הוי' יחי' האדם" (עקב ח, ג). וראה אוה"ת תבוא (כרך ו') ע' ב'שצו, ש„נתן ה' לכם לב גו' לראות ואזנים לשמוע" — „פי' לראות שהכל רק דבר ה' כו'".

16) ולהעיר אשר „משנתו" — כפשוטו — היינו מה שמבין מלבו מתוך מה ששמע מאחרים ולמד, שזה „תבונה" (פרש"י תשא לא, ג).

16*) וראה לקו"ש חי"ד ע' 106 ואילך ביאור החילוק בלשון רש"י בפירושו על הש"ס „סוף דעתו

און נאָכמער: נוסף[17] צו דעם וואָס „קאַי אדעתי' דרבי'" (דורך עבודת האדם במשך די ארבעים שנה), איז צוגעקומען אַ סיוע וכח מלמעלה[18] — „נתן ה' לכם לב לדעת וגו'".

און די נתינה מה' נעמט אינגאַנצן דורך זייער גאַנצע מציאות — „לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע", וואָס יש לומר אַז דאָס איז כולל כל כחות האדם: „עינים לראות", „אזנים לשמוע" און „לדעת" — כנגד די ג' מוחין חכמה בינה ודעת[19], און „לב"[20] — די מדות[21], און וואָס דערפון קומט עס אַראָפּ אין די ג' לבושים, מחשבה דיבור ומעשה.

ד. אַזוי איז אויך פאַרשטאַנדיק בנוגע צו משה שבדורנו, נשיא דורנו:

בתחלת שנת הארבעים[22] פון זיין הילולא ביו"ד שבט תש"י (ווען עס איז געשטאַנען בגלוי דער סך־הכל פון „כל מעשיו ותורתו ועבודתו אשר עבד בה כל ימי חייו"), לאחרי ווי מ'האָט געזען „אותות ומופתים" און מ'איז דורכגעגאַנגען די אַלע יאָרן אין „מדבר העמים" אין גלות — הויבט זיך אָן אַ נייער סדר און אַ נייע תקופה, אַז עס ווערט „קאַי איניש אדעתי' דרבי'", און „נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע".

יעדער איד פון דעם דור[23] דערגרייכט צו אַ נייעם שלב אין זיין פאַר־

---

ותבונתך" (שמזכיר רק דעת ובינה), ובפירושו על התורה „סוף דעתו וחכמת משנתך" (שקאי על חב"ד).

17) ראה לקו"ש ח"ח ע' 337 ואילך.

18) ראה לקו"ת ס"פ תבוא (מד, רע"א־ב), ש„ולא נתן ה' כו', פי' בחינת לב טהור שנותנים מלמעלה לא יכול נברא להשיג על ידי אתערותא דילי'" (וראה לקו"ש תבוא תשמ"ט ס"ה ואילך), וגילוי זה הי' ע"י עינויים וסיגופים של ענין המן (ויענך וירעיבך גו'). וראה אוה"ת תבוא ע' תתשכב.

19) ראה לקו"ש ח"ח שם ע' 338 הערה ד"ה לב . . נשמע. חי"ד ע' 106.

20) ולב לדעת — כי דעת מפתחא דכליל שית כו' (אוה"ת שם).

21) ויש לומר הטעם שדוקא ע"י הנתינה מה' („נתן ה' לכם") נאמר גם „לב" (המדות), משא"כ בעי"ז שם שמדבר בהעילוי שע"י עבודת האדם („קאי") נזכר רק „דעתי' דרבי'", מוחין — כי: ע"י עבודת האדם (אתעדל"ת) בכחו לפעול רק במוחין שלו, ואילו המשכת מדות הלב הוא דוקא מלמעלה, כתורת אדה"ז בהטעם שנאמר „והסירותי לב האבן" ולא „מוח האבן" (הובאה בס' מגדל עז (כפר חב"ד תש"מ) ע' שח).

22) ואף שזהו רק התחלת שנת הארבעים — הרי גם דיבורו של משה לבנ"י („לא נתן ה' לכם לב לדעת גו' עד היום הזה") לא הי' בסיום הארבעים שנה ממש* (כ"א בחודש אדר, יותר מחודש לפני הכניסה לארץ)**. ומזה מוכח שהענין ד„קאי איניש אדעתי' דרבי'" הוא לאו דוקא בסיום שנת הארבעים, אלא גם באמצע השנה, ועד שהתחלתה היא — בתחלת שנת הארבעים.

23) גם אלו שהיו קטנים בשנת תש"י (ראה גם תו"ת שם), ואפילו אלו שנולדו אח"כ — כמו שדברי משה היו לכל הדור („נתן ה' לכם"), גם אלו שנולדו במשך הארבעים שנה לאחרי יצי"מ.

ויתירה מזה: דברי משה היו לא רק בנוגע ל„האותות ומופתים" שהיו במצרים, אלא גם אלה שהיו במשך הארבעים שנה [וגם זה ש„מכאן ואילך יקפיד" (פרש"י תבוא שם) — הי' לא רק בנוגע להמצוות שנצטוו במ"ת, אלא גם המצוות שנצטוו עליהם במשך הארבעים שנה, עד לסיומם — מצות

---

*) ואין לומר שכוונת משה היתה לסיום השנה ממש (אלא שאז יהי' כבר לאחרי הסתלקותו, ולכן דיבר עמהם עכשיו ע"ש העתיד) — כי משה אמר „עד היום הזה", היינו היום שדיבר עמהם משה (בחודש אדר).

**) ובפרט ע"פ מדחז"ל (ראה ב"ר ס"פ תבוא. וראה מחז"ו ותוי"ט אבות ספ"ה) ש„לא נתן ה' לכם לב לדעת גו'" קאי על הארבעים שנה (גם) מזמן **מתן תורה**, שהי' בחודש סיון.

שטאנד און פארבונד מיט „רבי" — נשיא דורנו, ביז אז ער שטעלט זיך אוועק (קאי) אויף „דעת" דרבי" (אע"פ וואס אויך דעמולט בלייבט ער „רבי" שלמעלה ממנו),

אזוי אז דאס נעמט דורך און הויבט אויף זיין גאנצע מציאות, סיי די מוחין און סיי די מדות, ביז אז דאס קומט ארויס אין זיין הנהגה בפועל במחשבה דיבור ומעשה, אז דאס אלץ ווערט בתכלית השלימות.

ה. דער פארגלייך פון די ארבעים שנה של דור זה מיט די ארבעים שנה בדור משה — איז נאך שטארקער:

יש לומר אז די שלימות צו וועלכע אידן האבן דערגרייכט בשנת הארבעים (אז „נתן ה' לכם לב לדעת גו'", „קאי איניש אדעתי' דרבי'") איז אויך געווען א הכנה צו אריינגיין דערנאך (לאחרי די ארבעים שנה[24]) אין ארץ ישראל[25] — ווארום די כניסה לארץ ישראל איז די שלימות (הכוונה) פון יציאת מצרים[26].

און דעריבער, נאכדעם וואס עס זיינען דורך ארבעים שנה זינט „אתם ראיתם את כל אשר עשה ה' לעיניכם בארץ מצרים", וועו „נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות גו'" (אזוי אז דאס האט דורכגענומען זייער גאנצע מציאות — מוחין ומדות כו'), דעמולט זיינען זיי געווארן אינגאנצן מוכן צו אריינגיין אין ארץ ישראל, ארץ נושבת, און טאן די עבודה פון קיום המצות התלויות בארץ, ביז — בנין בית המקדש, דורך וועלכע עס ווערט השראת השכינה למטה (— כוונת כל הבריאה כולה[27]).

ועי"פ המבואר בכ"מ[28], אז די עבודה אין גלות זה האחרון (אין „מדבר העמים"[29]) אלס הכנה צו דער גאולה העתידה, איז בדוגמא צו דער עבודה אין די ארבעים שנה במדבר אלס הכנה צו דער כניסה לארץ ישראל — איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז אויך בדור זה, דור האחרון אין גלות — אז לאחרי ארבעים שנה זינט דער הילולא פון משה רבינו שבדורנו בשנת תש"י, ווערט בא יעדערן פון דעם דור „קאי איניש אדעתי' דרבי'",

און דאס ווערט אויך די הכנה צו דער כניסה וביאה לארץ ישראל בגאולה האמיתית והשלימה, אזוי ווי ס'איז געווען בא יציאת מצרים — „כימי צאתך

נחלות וכיר"ב], אף שלא עברו מאז מ' שנה.

ויש לומר הטעם: לאחרי שיש איש אחד עכ"פ (ובפועל היו הרבה יותר מזה) שקאי אדעתי' דרבי' לאחרי (התחלת) מ' שנה — ביכלתו להסביר עומק דעת הרב כו' גם לאחרים (ראה בארוכה שיחת י"ב תמוז תשכ"ז. וראה לקו"ש תבוא שם). ועוד ועיקר: השלימות דמ' שנה היא גם בנוגע לנשיא הדור, כנ"ל בפנים (בנוגע למשה רבינו), ועל ידו נמשכת שלימות זו לכל אנשי הדור (כי הנשיא הוא הכל).

24) ראה לקו"ת מסעי (צא, ריש ע"ב), שאף שהגזירה להתעכב ארבעים שנה במדבר היתה מחמת חטא המרגלים, „עכ"ז הרי הוא ית' הוא סיבת הסיבות כו'", עיי"ש.

25) ראה אוה"ת תבוא ע' תתשכב, שמקשר הגילוי ד„נתן ה' לכם לב לדעת גו'" עם הכניסה לארץ ישראל, שהוא גילוי דבחי' פב"פ כו'.

26) כהבטחת הקב"ה כו"כ פעמים: לאברהם בברית בין הבתרים, וכן למשה: „וארד להצילו מיד מצרים ולהעלותו מן הארץ ההיא אל ארץ טובה ורחבה אל ארץ זבת חלב ודבש" (שמות ג, ח), „והוצאתי אתכם גו' והבאתי אתכם אל הארץ גו'" (ו, ו ואילך).

27) ראה המשך ההילולא — באתי לגני ה'שי"ת.

28) ראה לקו"ת ד"ה אלה מסעי וביאורם. אוה"ת וכו' עה"פ. וראה בחיי, אוה"ח, ועוד — ר"פ מסעי. לקו"ת ר"פ נשא. ובכ"מ.

29) יחזקאל ל, כה.

מארץ מצרים אראנו נפלאות"[30], וואָס די שלימות בזה איז די כניסה לארץ ישראל כנ"ל.

ו. די תקופה חדשה פון ארבעים שנה וועלכע הויבט זיך אָן דעם קומענ־דיקן יו"ד שבט ווערט געבענטשט פון דעם שבת, וועלכער איז ממשיך נאָכ־מער כח אין דער עבודה פון דער נייער תקופה,

וואָרום ביום השבת ווערט אויפגע־טאָן אַז עלי' אין אַלע ענינים (כנ"ל), און די עלי' נעמט אינגאַנצן דורך אַ אידן, מיט אַלע זיינע כחות, ומתוך תענוג (וקראת לשבת עונג[31]) און שמחה (וב־יום שמחתכם אלו השבתות[32]) וועלכע איז מרחיב כל כחות האדם, און אויך די לבושים מחשבה דיבור ומעשה.

און דעריבער, גיט דאָס נאָכמער כח אין דער עבודה פון ארבעים שנה, וועלכע טוט אויף אַ חידוש אין דער גאַנצער מציאות וכל הכחות פון אַ אידן — „קאי איניש אדעתי' דרבי'", סוף דעתו ותבונתו וחכמת משנתו, „לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע", ביז אין מחשבה דיבור ומעשה, כנ"ל.

וביום השבת עצמו איז דאָס נאָך שטאַרקער לאחרי קריאת התורה, וועלכע טוט אויף אַן עלי' אין דעם עולה לתורה בכל הדרגות והכחות שלו, וב־פרט אַז די עלי' איז מיט אַ ברכה (לפני' ולאחרי') בשם ומלכות[33], וואָס דאָס באַ־ווייזט אַז די ברכה והמשכה נעמט דורך כל הדרגות, ביז סופא דכל דרגין (מלכות), ובעבודה — כל כחות האדם (מוחין ומדות), ביז די לבושים פון מחשבה דיבור ומעשה[34].

ז. אין קריאת התורה עצמה לייענט מען דעם שבת — פ' בא[35].

ועפ"ז המבואר לעיל איז פאַרשטאַנ־דיק דער קשר פון דער פרשה מיט התחלת שנת הארבעים:

דער תוכן פון דער פרשה איז וועגן (דעם סוף פון גלות מצרים און) יציאת מצרים. וואָס די שלימות בזה איז די כניסה לארץ ישראל וואָס איז געווען ארבעים שנה לאחרי זה, וואָס דעמולט איז „נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות גו'" צו זען בשלימות „כל אשר עשה ה' לעיניכם בארץ מצרים גו'", און דערנאָך (לאחרי סיום הארבעים שנה) איז מען אריין בפועל אין ארץ ישראל, כנ"ל.

ועד"ז איז אויך איצטער, אין דעם דור האחרון פון גלות — כמ"ש „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות", „כימי" לשון רבים, ווייל „מזמן יציאת מצרים עד גאולה העתידה לבוא בב"א הם ימי צאתך מארץ מצרים"[36] [נאָר בגאולה העתידה וועלן זיין „נפלאות" אפילו בערך צו די נפלאות ביצי"מ[37], אָבער

---

30) מיכה ז, טו.

31) ישעי' נח, יג.

32) ספרי בהעלותך י, י.

33) נוסף לשאר הברכות בשם ומלכות ביום שבת זה, כולל הברכות בתפלת העמידה (של ערבית ושחרית ומנחה), גם ברכות הראשונות — שהרי „הגדול" הנאמר בתחלתו הוא (חשוב כמו) „מלכות", ו„כולהו בתר דראשונה גרירי" (ב"י או"ח סרי"ד. ט"ז ובאר היטב שם).

34) שהם כנגד הג' קוים בה"א האחרונה (תו"א צה, סע"ב. לקו"ת ר"פ בלק. ד"ה היושבת בגנים (בהמשך ההילולא) הי"ת פ"ח) — ספירת המלכות (אגה"ת פ"ד. ובכ"מ).

35) ולהעיר שההסתלקות היתה בשבת פ' בא.

36) רד"ה כימי צאתך תש"ח (ע' 159. ע' 164).

37) אוה"ת נ"ך עה"פ מיכה שם.

דאָס איז אַלץ אַ המשך פון גאולת מצרים, ווען עס האט זיך אויפגעפענט — פתיחת הצנור דגאולה[38] — אַז לאחרי די לעצטע תקופה פון ארבעים שנה אין סוף גלות זה האחרון, ווערט די שלימות פון „ימי צאתך מארץ מצרים", וואָרום אידן האָבן דעם „לב לדעת וגו'", און מ'גייט גלייך אַריין אין ארץ ישראל בגאולה האמיתית והשלימה.

ח. צווישן די מצוות עיקריות וועלכע באַצייכענען דעם ענין פון יציאת מצרים — איז די מצוה פון תפילין, וואָס דער היינטיקער שיעור חומש (כולל — די עלי' למפטיר) באַשטייט פון די ערשטע[39] צוויי פרשיות שבתפילין[40].

אין דעם שיעור חומש שטייט[41]: „והי' לך (יציאת מצרים[42]) לאות על ידך ולזכרון בין עיניך למען תהי' תורת ה' בפיך כי ביד חזקה הוציאך ה' ממצרים"[43].

דער ענין פון מצות תפילין איז צו אויפטאָן שעבוד הלב והמוח[44] (ביז אַז די כוונה איז אַ חלק פון מצות תפילין[45]) — „לאות על ידך" (כנגד הלב) „ולזכרון בין עיניך" (על המוח שבראש), צו משעבד זיין דעם לב ומוח צו דעם אויבערשטן.

ביז אין אַן אופן אַז דאָס קומט אַראָפּ און נעמט דורך די מחשבה דיבור ומעשה[46] פון דעם אידן — „למען תהי' תורת ה' בפיך", און אין קיום כל המצוות, וואָס הוקשה כל התורה (המצוות) לתפילין[47].

ועפ"ז יש לומר, אַז דער ענין התפילין בשיעור חומש (מיט וועלכע מ'דאַרף לעבן דעם שבת[48] וועלכע בענטשט תחלת שנת הארבעים פון דעם יום ההילולא) גיט אַ כח מיוחד אין דער שלימות וואָס ווערט אויפגעטאָן אין דעם מוח ולב פון אידן („לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע", „קאי איניש אדעתי' דרבי'") בשנת הארבעים[49].

ויש לומר נאָכמער, אַז כשם ווי שלימות יציאת מצרים בכלל איז בשנת הארבעים, און בפרט ע"י הכניסה לארץ (כנ"ל) — אַזוי איז דאָס אויך בנוגע צו שעבוד הלב והמוח ע"י תפילין, אַז די שלימות בזה איז בשנת הארבעים, ווען מ'איז אַריין אין ארץ ישראל[50], וואָרום

---

38) ד"ה כימי צאתך שם (ע' 164).

39) ראשונות גם במעלה — ראה לקו"ש חכ"ו ע' 321 הערה 12.

40) ראה מכילתא סוף פרשתנו. מנחות לד, ב. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס לב.

41) יג, ט.

42) פרש"י עה"פ.

43) ועוה"פ בסיום הפרשה ממש (שהכל הולך אחר החיתום): והי' לאות על ידכה ולטוטפות בין עיניך כי בחוזק יד הוציאנו ה' ממצרים.

44) טושו"ע או"ח סכ"ה ס"ה. שו"ע אדה"ז שם סי"א.

45) ב"ח לטואו"ח שם. ועוד.

46) ראה לקו"ש חכ"ו שם ואילך, שבמצות תפילין במיוחד מתאחדים הג' ענינים דמחשבה דיבור ומעשה. ועיי"ש השייכות עם חב"ד ונשיאי חב"ד, כולל — נשיא דורנו, בעל ההילולא דיו"ד שבט.

47) קידושין לה, א.

48) די"ל שגם בשבת (ויו"ט) לא חסר (האות ד)מצות תפילין — ראה לקו"ש שם ע' 322 הערה 21.

49) ולהעיר מקידושין לז, סע"ב: עשה מצוה זו (תפילין) שבשבילה תכנס לארץ.

50) להעיר מהשקו"ט באם הניחו תפילין במדבר. וגם להדיעות שהניחו תפילין — עד שנת הארבעים הניחו תפילין רק עם ב' פרשיות הראשונות, כי ב' פרשיות האחרונות נאמרו בשנת הארבעים (ראה בכ"ז תורת שלימה כרך יב במילואים ע' רמט ואילך).

דעמולט איז געווען דער „נתן ה' לכם לב לדעת וגו'".

ט. ולהוסיף, אַז אויך דער היינטיקער שיעור רמב"ם איז אין הלכות תפילין. ובסיום השיעור[51] שטייט[52]: כל הרגיל בתפילין מאריך ימים שנאמר[53] ה' עליהם יחיו [אותם שנושאין עליהם שם ה' בתפילין יחיו[54]].

דער לימוד דערפון בשייכות מיט התחלת שנת הארבעים פון דער הילולא:

די עלי' שלא בערך וואָס ווערט אויפגעטאָן אין כל אנשי הדור (דורך דער עלי' אין דער נשמה פון דעם בעל ההילולא, נשיא הדור), ובפרט בתחלת שנת הארבעים ווען עס קומט צו אַ חידוש אין דעם שעבוד הלב והמוח („לב לדעת גו'") פון יעדער איד צו דעם אויבערשטן, אַזוי אַז ער ווערט „רגיל" באופן חדש לגמרי אין דעם „ה' עליהם" (ענינו פון מצות תפילין), וואָס ער איז דער מקור החיים ומחי' חיים — דריקט זיך אויס לכל לראש אין אַ הוספה בחיים גשמיים פון יעדער איד — אריכות ימים ושנים טובות באַ כל אנשי הדור אַלס נשמות בגופים בפשטות ובגשמיות.

ויש לומר אַז דורך די רגילות בתפילין ע"י ראש המשפחה — ווערן נמשך אַלע המשכות והשפעות (פון אריכות ימים) צו דער עקרת הבית און צו כל בני המשפחה (אויך די וואָס זיינען פטור פון תפילין)[55]. ובפרט אַז באַ כל בני המשפחה קומט אויך צו אין תוכן ענין של מצות תפילין — שעבוד הלב והמוח, „לב לדעת גו'".

און בשעת מ'גיט אַ אידן גשמיות, מאַכט ער דערפון רוחניות, כפתגם הידוע פון דעם אַלטן רבי'ן[56]: „דער אויבערשטער גיט אונז גשמיות מיר זאָלן דערפון מאַכן רוחניות". ועאכו"כ בשעת מ'גיט דעם אידן חיים גשמיים מתוך בריאות הנכונה — מאַכט ער דערפון חיים רוחניים, דורך פאַרבינדן זיין טאָג טעגלעכן לעבן ואריכות ימים מיט אמיתית מקור החיים — ואתם הדבקים בה' אלקיכם חיים גו'[57], וואָס ווערט נמשך דורך תורת חיים און מצוות שעליהן נאמר „וחי בהם"[58].

ביז אַז עס ווערט ביי אים אריכות ימים אויך לויטן פירוש[59] אין „יום שכולו ארוך" — אַז „גם בתחלתו הוא ארוך", ד.ה. אריכות ימים אויך באיכות, ווי פאַרשטאַנדיק בפשטות צו יעדערן: דורך דעם וואָס אַ איד פילט אַן זיין טאָג מיט אַן אמת'ן אינהאַלט, פון טוב וצדק ויושר, ועאכו"כ אין טוב אויף וועלכן מ'זאָגט אין טוב אלא תורה — איז יעדער רגע פון דעם טאָג (אויך די ערשטע רגעים) אַ „לאַנגער" און „פולער".

י. ע"פ כל הנ"ל איז מובן, אַז שטייענדיק באַ דעם שוועל פון התחלת

51) ע"ד סיום השיעור חומש בתושב"כ — ראה לעיל הערה 43.

52) פ"ד הכ"ו. ממנחות מד, סע"א ואילך.

53) ישעי' לח, טז.

54) פרש"י מנחות שם. הובא בכס"מ לרמב"ם שם.

55) דאף שפטורים ממצות תפילין — אא"פ לומר שחסר אצלם ההמשכות שעל ידן.

56) „היום יום" כ"ז טבת. אגרות קודש אדמו"ר מהוריי"צ ח"ב ע' רסה. וראה „היום יום" כ"ז אלול.

57) ואתחנן ד, ד.

58) אחרי יח, ה.

59) תו"א יח, ד.

שנת הארבעים מהילולא כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, ווען „נתן ה' לכם לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע", און „קאי איניש אדעתי' דרבי'" — דאַרף זיך אָנהויבן באַ יעדערן אַ נייער סדר העבודה בכל כחות הנפש ולבושי מחשבה דיבור ומעשה — אין אַלע ענינים פאַרבונדן מיט נשיא דורנו, אין גיין „בדרך ישרה אשר הורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו נס"ו", מיט אַזאַ שטורעם אַז בערך צו דער עבודה ביז איצטער איז די עבודה מכאן ולהבא מיט אַ נייעם אופן פון „לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע" אין עצם ופנימיות כוונת נשיא דורנו.

ובכלל — אויסנוצן די טעג [ובפרט אַז דער אויבערשטער בענטשט מיט אריכות ימים], אַז זיי זאָלן זיין ימים ארוכים ומלאים ברוחניות (אַזוי אַז אויך בתחלתו הוא ארוך) — אָנגעפילט מיט לימוד התורה וקיום המצוות בהידור (וואָס הוקשה כל התורה כולה לתפילין),

און אַזוי אויך משפיע זיין אויף אַנדערע, ובדרכי נועם ובדרכי שלום, צוזאַמען מיטן תוקף המתאים — הפצת התורה והיהדות, און הפצת המעינות חוצה, בהתאם צו די הוראות פון דעם בעל ההילולא,

ובכללות — ווי מרומז אין דעם נאָמען פון דעם בעל ההילולא: „יוסף" — די עבודה פון „יוסף ה' לי בן אחר"[60], מאַכן אַז אויך פון „אחר" זאָל ווערן בגלוי אַ בן להקב"ה. און „יצחק" — מתוך צחוק ושמחה וטוב לבב.

יא. אָנהויבנדיק, כמובן, פון דעם ענין שהזמן גרמא — די מנהגים פאַרבונדן מיט דעם יאָרצייט, מתחיל פון דעם שבת (די עלי' לתורה וכו'), און דערנאָך בערב יום ההילולא, ועאכו"כ אין דעם יום ההילולא עצמו (ווי שוין געדרוקט בפרטיות) — בנוגע לתפלות היום, הוספה מיוחדת אין נתינת הצדקה, און קיום המצוות בכלל, און אין הפצת המעינות חוצה, אין די ענינים וואָס דער בעל ההילולא מאָנט,

כולל ובמיוחד — לימוד תורתו פון דעם בעל ההילולא, ובפרט אין דעם המשך ההילולא — באתי לגני, ובזה גופא — בפרט אין פרק י"ט פון דעם המשך[61] (המתאים לשנה זו, שנת הי"ט מההילולא בפעם השני'[62]).

און דער לימוד דאַרף זיין מיט גאָר אַ נייעם עומק והבנה — בהתאם צו „קאי איניש אדעתי' דרבי'", צו פאַרשטיין עצם ופנימיות כוונת דברי הרב.

ומה טוב — אַז דער לימוד זאָל זיין ברבים (עכ"פ בשנים), וואָס דאָס גיט נאָכמער צו אין הצלחה בהבנת הלימוד[63]; און אויך — לאחרי הקדמת נתינת הצדקה, וואָס גיט אויך צו אין הצלחת הלימוד[64].

60) ויצא ל, כד. וראה אוה"ת עה"פ (רכ, א ואילך). ועוד.

61) ראה ד"ה באתי לגני תשכ"ט (שנאמר בפעם הא' שלמדו פרק זה) — נדפס בסה"מ — מלוקט ח"ג ע' מא ואילך.

62) ראה „פתח דבר" לד"ה באתי לגני תשכ"ח — סה"מ — מלוקט ח"ב ע' רלח.

63) ראה ברכות סג, ב. וראה אבות פ"ג מ"ו. אגה"ק סכ"ג.

64) ע"ד „יהיב פרוטה לעני והדר מצלי דכתיב אני בצדק אחזה פניך" (ב"ב י, א). ואף שנאמר בב"ב שם בנוגע לתפלה, הרי מובן שכן הוא בנוגע ל„אחזה פניך" שע"י לימוד התורה. וכידוע שע"י צדקה נעשו מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה (תו"א בראשית א, ב. אוה"ת שם תתרכו, ב ואילך). וראה ס' השיחות ה'ת"ש ע' 98 ואילך — סיפור הצ"צ.

ועד"ז אויך מקיים זיין ובהוספה כל ההוראות והתקנות פון דעם בעל ההילולא, הן בלימוד התורה — לימוד שיעורי חת"ת וכיו"ב, והן אין עבודת התפלה און הן אין גמילות חסדים.

ובפרט די הוראות ותקנות וועלכע מ'האט זוכה געווען הערן פון דעם בעל ההילולא אליין (פנים אל פנים, אדער דורך זיינעם א מכתב, א שיחה ותורה — וואס ער האט זיך אין דעם אינגאנצן אריינגעגעבן, ע"ד[65] כביכול „אנא נפשית כתבית יהבית"[66]), דורך מצייר זיין ווי מ'האט עס פון אים געהערט (אדער געלערנט) דעם ערשטן מאל, על מנת להחזיקו און מיט א הוספה.

ועד"ז מוסיף זיין אין די תקנות פרטיות ושיעורים פרטיים וואס יעדערער נעמט אויף זיך אליין, כל אחד ואחת לפום שיעורא דילי' [אבער ווי־באלד אז דאס איז פארבונדן מיט דעם נשיא הדור — איז דאס כולל אין זיך א ריבוי הכי גדול].

וכל זה — ביתר שאת וביתר עוז, מיט א הוספה בכמות ובאיכות, ביז א הוספה שלא בערך, ביז — באופן חדש לגמרי, בהתאם לזה וואס מ'האט דערגרייכט צו „קאי איניש אדעתי' דרבי'", און „נתן ה' לכם לב לדעת גו'".

יב. ועוד ועיקר:

נוסף צו די אלע ענינים והחלטות טובות הנ"ל בקשר מיט דעם יום ההילולא עצמו — דארף זיך איצט אנהויבן א נייע תקופה — פון ארבעים שנה מיום ההילולא שלו.

ובפשטות: יעדערער און יעדערע זאל אננעמען נייע ענינים ופעולות אין הפצת התורה והיהדות והפצת המעינות חוצה, נייע סיי בכמות און סיי באיכות, ביז אין אן אופן חדש לגמרי, בהתאם לזה וואס עס ווערט איצטער דער „קאי איניש אדעתי' דרבי'", און מ'באקומט אויך פון דעם אויבערשטן „לב לדעת ועינים לראות ואזנים לשמוע".

זיכער וועט זיך יעדערער מתבונן זיין בזה באופן המתאים, און געפינען די ענינים המתאימים לו צו טאן אין התחלת תקופה זו של ארבעים שנה. און מ'האט דעם כלל אז „איני מבקש כו' אלא לפי כחן"[67], מ'גיט יעדערן די כחות אויף דעם.

יג. בענין זה ובכגון דא יש להעיר אויף נאך א נקודה:

אמאל קען ביי איינעם איינפאלן א קס"ד אז בשעת עס ווערט ביי אים נתעורר א שאלה אדער א ספק אין אן ענין בתורה אדער בנוגע צו זיין סדר עבודה אדער בנוגע הנהגתו בחיים בכלל — קען ער יוצא זיין דערמיט וואס ער וועט דאס פרעגן ביי א צווייטן, הגדול ממנו, און מער דארף ער גארניט טאן — ער פארשפארט אליין הארעווען דורך דעם וואס ער פרעגט דאס ביי א צווייטן אוןווארפט די אחריות אויף יענעם!

האט מען דעם כלל ויסוד — אז דער אויבערשטער האט געגעבן יעדערן דעם כח צו הארעווען מיט די אייגענע כחות, און זוכן אן ענטפער און א פתרון אויף זיינע שאלות וספיקות, און חז"ל זיינען מבטיח[68]: „יגעתי ומצאתי" (און טאמער

65) כי צדיקים דומים לבוראם (ב"ר פס"ז, ח. ובכ"מ).

66) שבת קה, א (כגירסת הע"י).

67) במדב"ר פי"ב, ג.

68) מגילה ו, ב.

ער זאגט „יגעתי ולא מצאתי — אל תאמין"!)

ואע"פ אז מ'האט די הוראה אז „לא הביישן למד"[69], און „עשה לך רב"[70] וכיו"ב — איז דאס לאחרי ווי ער האט אליין געהארעוועט, און געפונען די תירוצים וועלכע זיינען בכחו, איז דער־נאך זיינען דאך זיכער פאראן נאך ענינים וועלכע ער פארשטייט (נאך) ניט אליין (ובפרט אין תורה וועלכע איז „ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[71]), דארף ער זיך ניט שעמען (און זיכער זיך ניט איינרעדן אז ער קען אליין אלץ פארענטפערן) און פרעגן ביי א צווייטן.

נאכמער: אויך די הוראה פון „עשה לך רב" איז (ניט בכדי פטר'ן זיך פון אליין הארעווען, נאר אדרבה — דאס איז) א חלק פון זיין עבודה (און ניט פון עבודת הרב): „עשה לך רב", כולל עשי' לשון כפי' [נאר — דאס איז א כפי' וואס לייגט זיך ביי אים בשכל אז ער דארף דערצו אנקומען]: ער דארף גיין זוכן און באשטימען פאר זיך א „רב" מיט וועמען ער וועט זיך באראטען וכו'; און דער „עשה לך רב" איז בכדי משפר ומרחיב זיין די חכמה בינה דעת פון דעם תלמיד.

יד. דערפון איז פארשטאנדיק נאך א זאך:

אפילו ווען מ'דארף גיין פרעגן ביי א צווייטן — דארף דאס זיין ביי אזא „רב" וואס איז בערך צו ענטפערן די שאלה.

לדוגמא: עס האט קיין ארט ניט אז א בן חמש למקרא זאל גיין פרעגן א שאלה אין פשטות הכתובים ביי א גרויסן ראש ישיבה וואס ליגט איצטער אין לערנען טיפע סוגיות אין ש"ס וכו'! ערשטנס נעמט דאס צו צייט בא דעם ראש ישיבה, און נעמט אים אוועק פון זיין עיקר עסק. צווייטנס, וועט דעמולט אויך פעלן בא דעם בן חמש, ווייל עס וועט נעמען צייט בא דעם ראש ישיבה צו זיך אפרייסן פון זיין לימוד און זיך צו־טראגן צו דער שאלה פון דעם קינד[72]. נאר דער בן חמש דארף זיך ווענדען מיט זיין שאלה צו א (זיין) מלמד וואס לערנט מיט קינדער פשוטו של מקרא. וואס דאס וועט פארשפארן די צייט, נוסף על העיקר — אז דער מלמד קען אים שנעלער ענטפערן מיט אותיות מתאימות צו דעם קינד.

וכל זה איז נאכמער בהדגשה — בשעת עס הויבן זיך אן ארבעים שנה, ווען „קאי איניש אדעתי' דרבי'", און מ'באקומט „לב לדעת גו'" — דארף מען לכל לראש אויסנוצן דעם אייגענעם שכל און די אייגענע כחות צו פארשען און ארויסבאקומען אן ענטפער אויף שאלות וכו', און בפרט — אז נוסף אויף „קאי איניש אדעתי' דרבי'" דורך דער עבודה בכח עצמו, באקומט ער אויך מלמעלה כחות, „נתן ה' לכם לב לדעת גו'";

און אפילו ווען מ'דארף פרעגן — דארף מען לכל לראש פרעגן ביי אזא וואס איז בערך צו ענטפערן די שאלה, און נאר לאחרי זה וואס יענער קען דאס

69) אבות פ"ב מ"ה.
70) שם פ"א מ"ו. מט"ז.
71) איוב יא, ט.

72) נוסף על זה שצ"ל „שואל כענין" (אבות פ"ה מ"ז). וראה שבת ג, ריש ע"ב: כי קאי רבי בהא מסכתא לא תשיילי' במסכתא אחריתי דילמא לאו אדעתי'.

ניט ענטפערן — פרעגן ביי אַ גדול ממנו וכו'.

*

טו. צווישן די ענינים חדשים וואָס מ'קען טאָן בהתאם צו התחלת ארבעים שנה פון דער הילולא:

דעם קומענדיקן שבת (לאחרי יום ההילולא) איז חמשה עשר בשבט, ראש השנה לאילנות.

ס'איז ידוע די פאַרשידענע מנהגי ישראל פאַרבונדן מיט דעם טאָג. אָנהויבנדיק פון דעם מנהג הכי נפוץ: „נוהגין להרבות בו מיני פירות של אילנות"[73], ובפרט מיני פירות שנשתבחה בהן ארץ ישראל („גפן תאנה ורמון גו' זית שמן ודבש"[74]). [ועד"ז נאָך מנהגים ב(חוגי) ישראל[75] — נהרא נהרא ופשטי'[76]].

בכלל איז אָבער ניטאָ קיין דיוק אַז מ'זאָל מקיים זיין דעם מנהג פון אכילת פירות דוקא ברבים. ע"פ רוב עסט מען די פירות יעדערער פאַר זיך, בּאַ זיך אין שטוב, צוזאַמען מיט בני ביתו בתוך הסעודה וכיו"ב.

משא"כ בשנה זו — בהתאם לזה וואָס ט"ו בשבט איז ביום השבת, און ס'איז דער ערשטער שבת נאָך התחלת שנת הארבעים פון דער הילולא — איז מען מציע, ובבקשה אַז מ'זאָל דאָס מפרסם זיין בכל מקום ומקום:

אין דעם טאָג פון חמשה עשר בשבט זאָל מען מאַכן אַ התוועדות כללית (אָדער עכ"פ ברוב עם) בכל מקום ומקום, ועאכו"כ אין ארץ הקודש — מ'זאָל זיך צוזאַמענקלייבן מיט וואָס מערער אידן פון דעם אָרט (שטאָט אָדער שכונה וכיו"ב),

און מ'זאָל דאָרטן מקיים זיין אויך ברבים די מנהגים פון חמשה עשר בשבט — אכילת פירות וכיו"ב (נוסף לזה וואָס יעדערער טוט עס בביתו הפרטי, מיט די היימישקייט בּאַ זיך אין שטוב).

און מ'זאָל דערביי כמובן רעדן און לערנען דברי תורה, ובפרט בהתאם לדברי חז"ל[77] אַז „האדם עץ השדה"[78] גייט אויף אַ תלמיד חכם, און די שבעה מינים שבהן נשתבחה ארץ ישראל זיינען פאַרבונדן מיט תורה[79];

און אויך מוסיף זיין אין אָננעמען החלטות טובות בכל עניני תורה ומצוות, ובכלל — אַז בּאַ יעדער איד זאָל מען זען בגלוי ווי ער איז „האדם עץ השדה", אַן עץ וואָס האָלט אין איין וואַקסן אין אַלע ענינים פון תורה און אידישקייט, און אילן עושה פירי — „מאי פירות . . מצוות"[80], „פירותיהם של צדיקים מעשים טובים"[81].

טז. ויה"ר אַז תיכף ומיד ממש, גלייך בתחלת שנת הארבעים, זאָלן אַלע אידן „בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו"[82],

---

73) מג"א או"ח סקל"א סקט"ז. השלמה לשו"ע אדה"ז שם ס"ח.
74) עקב ח, ח.
75) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך חמשה עשר בשבט בסופו. וש"נ.
76) חולין יח, ב. נז, א.

77) תענית ז, א.
78) שופטים כ, יט.
79) ראה ברכות מא, א. ולהעיר מדב"ר פ"ז, ג.
80) סוטה מו, סע"א.
81) פרש"י ר"פ נח (מב"ר פ"ל, ו).
82) פרשתנו י, ט.

גיין אין ארץ ישראל, בגאולה האמיתית והשלימה,

און דעמולט וועט זיין בגלוי ממש די שלימות העבודה פון יעדער איד — „כמצות רצונך"[83], ובאופן אז דאס נעמט דורך כל מציאותו — שלימות כל הכחות שלו, ושלימות במחשבה דיבור ומעשה, וכל הפרטים ופרטי פרטים.

ביז אז די שלימות נעמט דורך כל העולם כולו, „ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[84], און נאכמער — „והי' ה' למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי' ה' אחד ושמו אחד"[85], כשם שאני נכתב כך אני נקרא[86], ביז דעם גילוי פון שמו הגדול, וואס „הגדול" איז (חשוב כמו) מלכות[87] — „והיתה לה' המלוכה"[88].

והקיצו ורננו שוכני עפר[89], און אלע נשיאים בראשם, ונשיא דורנו — בראשנו (זייענדיק נשיא דורנו), צוזאַמען מיט אלע אידן וואס זיינען איצטער נשמות בגופים — בחיים ארוכים ונצחיים, בפרט דורך הרגיל בתפילין (כנ"ל).

ותיכף ומיד ממש, אזוי אז מ'פראַוועט אלע צוזאמען שמחת יום ההילולא, און דערנאך — חמשה עשר בשבט, בארץ הקודש, בירושלים עיר הקודש, בהר הקודש, בבית הקדוש, בביהמ"ק השלישי, ובקדש הקדשים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

(83) תפלת מוסף. וראה המשך וככה תרל"ז פי"ז ואילך. ובכ"מ.
(84) זכרי' ג, ב.
(85) שם יד, ט.
(86) פסחים נ, א.
(87) ראה הערה 33.
(88) עובדי' א, כא.
(89) ישעי' כו, יט.



# משיחות ש"פ בשלח, שבת שירה, חמשה עשר בשבט ה'תשמ"ט

**א.** בחמשה עשר בשבט ישנם שני ענינים:

א) ענין הכללי שבחמשה עשר שבכל חודש — שבו נעשה מילוי הלבנה[1], "קיימא סיהרא באשלמותא"[2], ודוגמתו בישראל ש"דומין ללבנה"[3] ו"מונין ללבנה"[4] — "שהם עתידים להתחדש כמותה"[5], מולד וחידוש הלבנה בר"ח, ועד"ז בנוגע למילוי ושלימות הלבנה בחמשה עשר בו, שמורה על המילוי והשלימות[6] דישראל.

ב) וענין הפרטי המיוחד לחמשה עשר בשבט — "ראש[7] השנה לאילן"[8], שבו מתחדשת צמיחת (חנטת) פירות האילן בשנה זו, ודוגמתו בישראל — "כי האדם[9] עץ השדה"[10], שנמשל לאילן עושה פירות — "מאי פירי מצוות"[11], "פירותיו של צדיק ("ועמך כולם צדיקים"[12]) מצוות ומעשים טובים"[13], היינו, שחמשה עשר בשבט הוא זמן מסוגל לחידוש הצמיחה שבישראל, ובלשון הכתוב[14] "עץ פרי גו' אשר זרעו בו גו'", "גרעיני כל פרי שמהן האילן צומח כשנוטעין אותו"[15], היינו, שחידוש הצמיחה הוא לא רק בנוגע לעצמו, אלא גם בנוגע לפעולה על הפרי — הזולת, שגם הוא נעשה אילן עושה פרי, ועד "פירותיהן ופירי פירותיהן עד עולם"[16].

**ב.** ויש לומר, ששני ענינים אלו — "ראש השנה לאילן" ו"קיימא סיהרא באשלמותא" — שייכים זה לזה:

מבואר בכ"מ[17] שהקביעות דחג הפסח וחג הסוכות בחמשה עשר בחודש (ניסן ותשרי) קשורה עם המעלה דחמשה עשר בחודש שבו קיימא סיהרא

---

1) להעיר משיעור הרמב"ם דיום הש"ק זה (הל' ברכות פ"י הי"ז) "מברך עלי' (על חידוש הלבנה) עד ששה עשר יום בחודש עד שתמלא פגימתה" (עד ט"ז, ולא ט"ז בכלל, שהרי אחר שעברו ט"ו יום נתמלא פגימתה — כס"מ שם).

2) זהר ח"א קנ, רע"א. רכה, סע"ב. רמט, ב. ח"ב פה, רע"א. רטו, א. וראה שמו"ר פט"ו, כו.

3) ראה סוכה כט, א. ב"ר פ"ו, ג.

4) סוכה שם. וראה אוה"ת בראשית ד, סע"ב ואילך. ועוד.

5) נוסח הברכה דקידוש לבנה — סנהדרין מב, א. רמב"ם שם הט"ז (שיעור היומי).

6) ובהדגשה יתירה בשנה זו — שנת העיבור, שהיא "שנה תמימה" (ערכין לא, א), כולל גם שעבודתם של ישראל היא באופן של תמימות ושלימות.

7) ריש מס' ר"ה.

8) כ"ה — "לאילן", לשון יחיד — במשנה, אבל בכמה ספרים, ו"פוק חזי מאי עמא דבר" — "ראש השנה לאילנות", לשון רבים. וראה לקוטי לוי"צ (אג"ק ע' תיג) "ראש השנה לאילנות, כי אילן במלואו אל"ף יו"ד למ"ד נו"ן גימט' שב"ט . . אילן הוא הוי' אד' כמספרו . . ונרמז זה באותיות אילן אי' ר"ת אד' הוי' כו'", וממשיך לבאר הענין ד"אילנות לשון רבים כו'", עיי"ש.

9) אדם האמיתי (למטה) — "אתם קרויין אדם" (יבמות סא, רע"א), ע"ש אדמה לעליון (ראה של"ה ג, רע"א. ועוד).

10) שופטים כ, יט. תענית ז, א.

11) סוטה מו, סע"א.

12) ישעי' ס, כא.

13) ב"ר פ"ל, ו.

14) בראשית א, יא.

15) פרש"י עה"פ.

16) ל' חז"ל — כתובות רפ"ט.

17) ראה פע"ח שער חגה"ש בסופו — לאחרי סיומו (בכותרת — דרוש סוד ט"ו באב). סה"מ עת"ר ע' ריח ואילך. ועוד.

באשלמותא, כאמור, שמילוי ושלימות הלבנה מורה על המילוי והשלימות דישראל, ולכן, בזמן מעמד ומצב זה נקבעו הימים טובים[18].

ועפ"ז י"ל גם בנוגע ל„ראש השנה לאילן" — שקביעותו בחמשה עשר בשבט קשורה עם המעלה דחמשה עשר בחודש, מילוי ושלימות הלבנה, כלומר, מכיון שישראל נמצאים במעמד ומצב של מילוי ושלימות, לכן, נעשה אצלם גם חידוש הצמיחה.

ג. וצריך להבין:

מילוי ושלימות (קיימא סיהרא באשלמותא) וחידוש הצמיחה (ראש השנה לאילן) הם לכאורה תרתי דסתרי, כי, חידוש הצמיחה מדגיש שלא רק שעדיין לא נשלמה מציאותו, אלא יתירה מזה, שעכשיו מתחיל לגדול ולצמוח?!

ויש לומר הביאור בזה — שהיא הנותנת:

מכיון שישראל קשורים עם הקב"ה שהוא אין־סוף, הרי, השלימות האמיתית שלהם היא גם באופן של אין־סוף, היינו, שככל שתגדל מעלת עבודתם באופן של מילוי ושלימות, עד לדרגת צדיק („ועמך כולם צדיקים") — יודעים ומרגישים שצריכים להתעלות לדרגא ושלימות נעלית עוד יותר, ובזה גופא — לא רק שעדיין לא נגמרה השלימות שלהם[19], אלא יתירה מזה, שעכשיו צריכים להתחיל לגדול ולצמוח[20], היינו, להתעלות בעילוי שבאין־ערוך לגבי מעמדם ומצבם הקודם, עד כדי כך, שנחשב כמו שרק עתה מתחילה צמיחתם!

ד. ונמצא, שבחמשה עשר בשבט יש עילוי לגבי כל חמשה עשר דכל חדשי השנה, כולל גם (בפרטים) חמשה עשר בניסן וחמשה עשר בתשרי[21]:

בחמשה עשר שבכל חדשי השנה מודגש (בעיקר) ענין המילוי וה־

18) ובפרטיות: חג הפסח* — התחלת העבודה דחדשי הקיץ, וחג הסוכות — התחלת העבודה דחדשי החורף.

19) וי"ל, שלכן נקראים בתואר „צדיקים" סתם, ולא „צדיקים גמורים" — מלשון כלי שנגמר מלאכתו (ראה לקו"ת דרושי סוכות פא, א), גמור ושלם, מה שאין להוסיף עוד, שאז, לא יוכלו להגיע לדרגת בעלי תשובה, „מקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו" (רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד).

20) וי"ל, שגם ענין זה נרמז בהמילוי והשלימות דחמשה עשר בחודש — שלאח"ז הלבנה פוחתת והולכת, שרומז לענין הביטול, היינו, שגם לאחרי המילוי והשלימות נדרשת ממנו עבודה נעלית יותר, ועד לעילוי שבאין־ערוך, שלכן צ"ל הקדמת הביטול, עד לתכלית הביטול שלאח"ז נעשה מולד הלבנה מחדש*.

21) להעיר מלקוטי לוי"צ (אג"ק שם) שחמשה עשר בשבט, חודש החמישי דחדשי החורף, מקביל לחמשה עשר באב, חודש החמישי דחדשי הקיץ („ששניהם הם יו"ט דעץ (צמיחה וגידול), אלא שבאב הוא הסיום ובשבט . . הוא ההתחלה, שאז הוא החנטה") — והרי בחמשה עשר באב יש עילוי גם לגבי חמשה עשר דניסן ודתשרי, כמארז"ל „לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב*" (תענית כו, ב. וראה מקומות שנסמנו בהערה 17).

*) כולל גם חג השבועות — שקביעותו אינה תלוי' בימי החודש, כי אם, חמישים יום בהמשך לחג הפסח, ונמצא, שגם הוא קשור עם מילוי הלבנה דחודש ניסן.

*) דוגמת הצמיחה שנעשית לאחרי ביטול ורקבון הגרעין בארץ (ראה גם תו"א ריש פרשתנו).

*) ועד שיש בו עילוי גם לגבי יוהכ"פ, „אחת בשנה".

שלימות, היינו, שמעמדם ומצבם ועבודתם של ישראל (צ"ל ו)נעשה באופן של מילוי ושלימות; ואילו בחמשה עשר בשבט, „ראש השנה לאילן", מודגש בעיקר (לא המילוי והשלימות שהיו עד עתה, כי אם) שגם לאחרי המילוי והשלימות דהעבר נדרשת עבודה נעלית יותר, עד לעילוי שבאין־ערוך — התחלת צמיחה וגידול מחודשים.

בסגנון אחר קצת: השלימות דחמשה עשר בכל החדשים, היא, שלימות שע"פ סדר והדרגה, מדידה והגבלה, החל ממולד הלבנה בר"ח, ומוסיף והולך מיום ליום, עד למילוי ושלימות הלבנה בחמשה עשר בו; ואילו השלימות דחמשה עשר בשבט, היא, שלימות שלמעלה מסדר והדרגה, מדידה והגבלה, שלימות אמיתית באופן של אין־סוף, שלכן, מעלת השלימות ה"ז רק התחלת הצמיחה לגבי שלימות נעלית יותר, עד אין־סוף.

ומכיון שחמשה עשר בשבט הוא „ראש השנה לאילן" — „ראש" דייקא (לא רק תחילה), בדוגמת הראש שכולל החיות דכל אברי הגוף ומנהיגם כו'[22], ה"ז נמשך על כל השנה כולה, היינו, שהעבודה בכל השנה כולה תהי' לא רק בשלימות שע"פ סדר והדרגה, אלא גם שלימות אמיתית באופן של אין־סוף.

ה. ויש להוסיף ולבאר הטעם שהשלימות ד„ראש השנה לאילן" (שלימות אמיתית, באופן של צמיחה תמידית) מודגשת בחודש שבט דוקא:

ידוע[23] שי"ב חדשי השנה הם כנגד י"ב שבטי ישראל[24]. ועפ"ז, חודש שבט, חודש הי"א (מניסן), הוא כנגד שבט יוסף[25], הי"א לפי סדר תולדותם של השבטים.

ועניננו של יוסף (כמודגש ב„שמו אשר יקראו לו בלשון הקודש (ש)הוא כלי לחיות" שלו, ומורה על מהותו כו'[26]) — בחי' הצומח, „כידוע[27] דבחי' יסוד (בחינתו של יוסף) נק' עץ[28] עושה פרי, ונק' עץ השדה . . ולכך נק' יוסף . . שתמיד יוסיף אור ושפע כצומח שצומח וגדל בתמידות בלי שיעור כלל וכלל, וזהו ענין יוסף לשון תוספת תמידית, וכמ"ש[29] יוסף ה' לי בן אחר".

ולכן, „ראש השנה לאילן", התחלת הצמיחה בכל השנה כולה, שייך לחודש שבט[30] — שבטו של יוסף[31], שאצלו

22) ראה לקו"ת דרושי ר"ה נח, סע"א ואילך. עס"ר שער ר"ה בתחלתו. ובכ"מ.

23) ראה לקו"ש חכ"ו ע' 90. וש"נ.

24) להעיר מהשקו"ט בנוגע לחודש העיבור — כנגד שבט לוי (ראה אוה"ת בראשית ח, א), או כנגד שבט יוסף שנחלק לב' שבטים, והם ב' אדרים, שמזלו דגים, כברכתו של יוסף (חדא"ג מהרש"א לסנהדרין יב, א).

25) או אשר (ראה הערה 32).

26) שעהיוה"א בתחלתו.

27) תו"ח ויגש צג, ב. וראה גם תו"א שם מד, א.

28) ראה גם לקוטי לוי"צ (אג"ק שם) ש„אילן ועץ רומזים על יסוד, כי אילן הוא הוי' אד' כמספרו שיסוד הוא המחברם, ונרמז זה באותיות אילן וכו', וכן ע"ץ מספרו יוסף עם האותיות שקאי על יסוד כו'", עיי"ש.

29) ויצא ל, כד.

30) כמרומז בגימטריא ד„שבט" — „אילן" במלואו (כנ"ל הערה 8).

31) להעיר, שהתוכן ד„יוסף ה' לי בן אחר", לעשות מ„אחר" „בן", הוא גם תוכן צירוף שם הוי' שמאיר בחודש שבט — „המר ימירנו והי' הוא (ותמורתו יהי' קודש)", ששניהם (ה„אחר" וה„בן") נעשים קודש (ראה לקו"ש חכ"ו ע' 87 ואילך. וש"נ) — פסוק שנאמר במעשר בהמה, שראש השנה שלו מקביל ובדוגמא לראש השנה לאילן (לקוטי לוי"צ אג"ק ע' תיד).

מודגש ענין ההוספה והצמיחה[32].

ומיוסף נמשך ענין ההוספה והצמיחה לכל השבטים — ע"י התכללות השבטים זב"ז[33], ע"ד מ"ש בברכת יעקב להשבטים „איש אשר כברכתו ברך אותם"[34], שלאחרי שברך כל שבט ושבט בברכה מיוחדת בהתאם לתוכנו ומהותו של שבט זה, „איש אשר כברכתו" — „ברך אותם", שחזר ו„כללן כולם בכל הברכות"[35], שעי"ז נמשך ענין הצמיחה והגידול דיוסף בכל ישראל.

ו. והדגשה יתירה ונתינת־כח מיוחדת בכל הנ"ל — בדורנו זה:

בדורנו זה נתגלה ענין נוסף בחודש שבט — שהעשירי שבו הוא יום ההילולא של כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, ששמו (הראשון) יוסף[36].

ובחמשה עשר שבו, שבו קיימא סיהרא דחודש שבט באשלמותא, שנעשה מילוי ושלימות בכל עניני החודש, ובפרט בענינים המיוחדים שבו, „העשירי יהי' קודש"[37] — ניתוסף מילוי ושלימות בכל עניני יום ההילולא[38] דיוסף שבדורנו, ועי"ז ניתוסף גם בפעולה ד„ראש השנה[39] לאילן"[40], התחלת הצמיחה, ענינו של יוסף — שנמשך בכל הדור ע"י נשיא הדור.

וביאור הענין:

נתבאר לעיל (ס"ה) שאף שהשלימות דצמיחה היא עבודה נעלית ביותר, שלימות שלמעלה ממדידה והגבלה — ה"ז נמשך מיוסף בכל השבטים ע"י התכללות השבטים זב"ז, היינו, שפועלין ענין הצמיחה בכל ישראל ע"י אהבת ישראל ואחדות ישראל.

ומכיון שבסיום הגלות, חושך כפול ומכופל דעקבות משיחא, קשה יותר לפעול שלימות הצמיחה בעבודה (בחינתו של יוסף[*][41]), וקשה יותר לפעול

---

32) וגם להדעות שסדר החדשים הוא לפי סדר קרבנות הנשיאים, וחודש שבט הוא כנגד שבט אשר („ביום עשתי עשר יום נשיא לבני אשר") — הרי, ענינו של אשר הוא שמן ותענוג, „מאשר שמנה לחמו והוא יתן מעדני מלך" (ויחי מט, כ), ותענוג פועל הרחבה, גידול וצמיחה, אפילו ב„עצם", ולאחרי תקופת הגידול — „שמועה טובה תדשן עצם" (משלי טו, ל. וראה גיטין נו, ב).

33) ויומתק יותר — ע"פ מ"ש „רועה ישראל (מנהיגם ופרנס שלהם) . . נוהג כצאן יוסף", ש„כל ישראל נקראים ע"ש יוסף, לפי שהוא פירנסם וכלכלם בימי הרעב" (תהלים פ, ב ובפרש"י). וראה לקמן ס"ז.

34) ויחי מט, כח.

35) פרש"י עה"פ.

36) ראה גם לעיל ע' 188 הערה 7. ושי"נ.

37) לשון הכתוב — בחוקותי כז, לב. וראה לקמן בשוה"ג להערה 39.

38) ובפרט בשנה זו שט"ו בשבט חל בשבת — שבו נעשית העלי' והשלימות („ויכולו") דכל ימי השבוע, כולל השלימות דיום ההילולא.

39) להעיר מהשייכות דעשירי בשבט לראש השנה לאילן — ע"פ הידוע שעיקר ההכנה לראש השנה מתחילה ד' ימים לפניו, כפי שמצינו בימי הסליחות שצ"ל ד' ימים (לא פחות), ודוגמתו גם בהכנה לר"ה לאילן — ד' ימים לפניו, מהעשירי בשבט.

40) להעיר, ש„אילן" מצמיח פירות (שאינם מוכרחים לקיום האדם, אלא) לשם תענוג, וי"ל שנרמז גם הקשר להמשך ההילולא, שהתחלתו „באתי לגני לגנוני", „גן" דייקא, מקום שצומחים בו אילנות ומטיילים בו לשם תענוג (ראה גם סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 244 ואילך).

41) ובפרט ש„אין גו' אתנו יודע עד מה" לאיזה שבט הוא שייך, ולא עוד, אלא, שעשרת השבטים (כולל יוסף) גלו ונאבדו כו'.

---

*) נוסף לכך שהפסוק „העשירי יהי' קודש" נאמר במעשר בהמה, ששייך לר"ה לאילן (כנ"ל הערה 31).

אחדות אמיתית ושלימה (כדי שתומשך אצל כאו״א בחינתו של יוסף)[42], לכן, יש צורך בנתינת־כח יתירה (בהוספה על ההשתדלות בענין הצמיחה ובאהבת ישראל ואחדות ישראל בכח עצמו) — ע״י פעולתו של נשיא הדור ששמו יוסף, „רועה ישראל . . נוהג כצאן יוסף"[43], שמאחד את כל ישראל („הנשיא הוא הכל"[44]), ופועל בכל ישראל (מהגדול שבגדולים עד לקטן שבקטנים, ואפילו מי שמצא במעמד ומצב ד„אחר" שעדיין צריכים לעשותו „בן") שתהי' בהם השלימות דצמיחה.

ויש לומר, שפעולת הצמיחה („ראש השנה לאילן") בכל ישראל שנעשית ע״י נשיא הדור — עם היות שההכרח לזה היא מצד ירידת הדור, שאין בכחם לפעול זה בעצמם, אלא ע״י פעולתו של נשיא הדור, הרי, ביחד עם זה, יש בה עילוי לגבי פעולת הצמיחה שהיתה נעשית ע״י התכללות השבטים מצד עצמם, בכחם של בני הדור מצד עצמם, כדלקמן.

ז. ויובן בהקדם השאלה אודות הקשר והשייכות ד„ראש השנה לאילן" לחוץ לארץ:

„ראש השנה לאילן" נוגע לדינא בארץ ישראל — „לענין מעשר, שאין מעשרין פירות האילן שחנטו קודם שבט על שחנטו לאחר שבט"[45], או „לענין שנה שלישית של שמיטה שנוהג בה מעשר עני, שאותן פירות שחנטו מר״ה של שנה שלישית עד שבט, דנין אותן כפירות של שנה שני' שעברה, ונוהג בהן מעשר ראשון ומעשר שני, ומשבט ואילך נוהג בהן מעשר ראשון ומעשר עני"[46]. ומכיון שבחו״ל אין נוהג מעשרות[47] — מהו הענין ד„ראש השנה לאילן" אצל בנ״י שבחו״ל, שגם הם „נוהגין[48] להרבות בו מיני פירות של אילנות"?

ועיקר השאלה היא בנוגע לעבודה בנפש האדם — איך יכולים לדרוש מיהודי שמעמדו ומצבו הגלוי הוא מחוץ לארץ ישראל („למה נקרא שמה ארץ, שרצתה לעשות רצון קונה"[49], מלשון רצון ומלשון מרוצה[50]) שבחמשה עשר בשבט יהי' בו הענין ד„ראש השנה לאילן", לא רק מילוי ושלימות סתם, אלא שלימות אמיתית, באופן של צמיחה תמידית?!

ח. והמענה לזה — בתורה בתהלים[51]:

---

42) ובפרט שסיבת הגלות היא היפך אהבת ישראל ואחדות ישראל (ראה יומא ט, ב).

43) ראה לעיל הערה 33.

44) פרש״י חוקת כא, כא. — וראה בארוכה בלקו״ש השבועי ביאור מעלת ושלימות האחדות שנעשית ע״י נשיא הדור.

45) פרש״י ורע״ב ריש ר״ה. רמב״ם הל' תרומות פ״ה הי״א.

46) רע״ב שם. רמב״ם הל' מע״ש פ״א ה״ב.

47) ובזמן הגלות — גם החיוב בארץ ישראל (לכמה דעות) אינו מן התורה, אלא מדרבנן (ראה רמב״ם הל' תרומות ספ״א ובנ״כ).

48) מג״א או״ח סקל״א סקט״ז. השלמה לשו״ע אדה״ז שם ס״ח.

49) ב״ר פ״ה, ח.

50) פי' מתנ״כ ופי' מהרז״ו שם. תו״א בראשית א, סע״ג.

51) מזמור פ״ז. — ולימוד מוסר נוסף בפרט — לאלה שנולדו בי״א ניסן לפני פז שנים — שאמירתו (ע״פ המנהג לומר המזמור המתאים לשנות חייו) נמשכת עד י״א ניסן דשנה זו. ולהעיר משייכותו לחודש שבט — ע״פ הדעות שסדר החדשים מכוון לסדר דקרבנות הנשיאים בחודש ניסן*, „ביום עשתי עשר יום נשיא לבני אשר" (כנ״ל הערה 32).

---

*) להעיר, שבעמדנו בחודש שבט, שבו ר״ה לאילן — קדימה להדעה המקשרת החדשים

במזמור שבו מדובר אודות קיבוץ גליות בגאולה האמיתית — „אזכיר רהב ובבל ליודעי", „אזכיר את מצרים ואת בבל על יודעי להביאם מנחה, כענין שנאמר[52] והביאו את כל אחיכם וגו' מנחה לה' וגו'[53] . . יתנו לב לבקש ולזכור את כל אחד ואחד"[54], „זה יולד שם", „זה הי' ממשפחת הנולדים בציון כענין שנאמר[55] ואתם תלוקטו לאחד אחד"[54], וממשיך, „ולציון יאמר איש ואיש[56] יולד בה", „וכשיביאום מנחה לה' בציון, יאמר לה על כל אחד ואחד, זה מאותם שגלו ממך ומתולדותיהם"[57].

כלומר, כאו"א מישראל („איש ואיש"), גם בהיותו בחוץ לארץ (בגלות), במצרים (רהב) ובבבל או ב„פלשת וצור עם כוש", מציאותו האמיתית היא — ש„יולד בה", בציון (ירושלים, שלימות היראה[58]),

אלא — יתכן שענין זה הוא בהעלם, וצריכים לפעול שיהי' ניכר בגילוי ש„יולד בה" (בציון), פעולה שנעשית ע"י כח נעלה ביותר — „והוא יכוננה עליון" („כמו והוא עליון יכוננה")[59], „עליון" לא רק ביחס לתחתונים (דמאי קמ"ל?!), אלא ביחס לדרגות בגילוי אלקות.

ומכיון שפעולה זו נעשית ע"י „עליון", הרי, אף שההכרח לזה הוא מצד ירידת הגלות, עד כדי כך, ש„הוא עצמו („עליון") צריך להיות אוחז בידיו ממש איש איש ממקומו, כענין שנאמר[55] ואתם תלוקטו לאחד אחד"[60] — ה"ז באופן נעלה ביותר,

וכמודגש גם בפסוק שלאח"ז, „ה' יספור בכתוב עמים זה יולד שם סלה" — דמכיון שהקב"ה בעצמו („עליון") „ימנה את ישראל הנבלעים בתוכם (בתוך אוה"ע) ואת הנאנסים ביניהם ויוציאם מתוכם . . ויברור אותם לו"[61], ה"ז באופן ש„זה יולד שם סלה", שייכותו לציון (וירושלים) היא באופן נצחי, כמארז"ל[62] „כל מקום שנאמר נצח סלה ועד אין לו הפסק עולמית".

ועפ"ז מובנת גם השייכות דכל בנ"י, גם בנ"י שבחו"ל, ל„ראש השנה לאילן" — דמכיון שגם יהודי שנמצא בגלות, בחוץ לארץ, מציאותו האמיתית היא ש„יולד בה", ה"ה „עץ השדה" שבארץ ישראל, ובזה גופא — מהפירות שנשתבחה בהם ארץ ישראל, „גפן ותאנה ורמון גו' זית שמן ודבש"[63], „דבש תמרים"[64], כמבואר במדרז"ל[65] שבנ"י נמשלו (במיוחד) לפירות אלו, תכלית השלימות דפירות האילן.

52) ישעי' סו, כ.

53) להעיר מהשייכות לפרשת השבוע: „ויהי בשלח פרעה את העם" — שפרעה בעצמו השתדל ושלח את בנ"י מגלות מצרים (ראה גם סה"ש תשמ"ח שם ע' 365 הערה 83).

54) פז, ד ובפרש"י.

55) ישעי' כז, יב.

56) ראה כתובות עה, א: אחד הנולד בה ואחד המצפה לראותה (איש איש יתירא קא דריש — פרש"י).

57) שם, ה ובפרש"י.

58) ראה לקו"ת פ' ראה כט, ד. דרושי ר"ה ס, ב. שה"ש ו, ג. ובכ"מ.

59) שם, ה ובפי' הרד"ק והראב"ע.

והשבטים עם קרבנות הנשיאים שבחודש ניסן, שבו ר"ה למלכים (נשיאים), כידוע שכל ד' ראשי שנים שייכים זל"ז.

60) פרש"י נצבים ל, ג.

61) שם, ו ובפרש"י.

62) עירובין נד, א.

63) עקב ח, ח.

64) רמב"ם הל' ברכות פ"ח הי"ג (השיעור דערב ש"ק זה).

65) ראה לדוגמא: חולין צב, א (גפן). מנחות נג, ב (זית). ועוד.

כמובן אויך פון דעם, אַז דאָס („ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם") איז דער יסוד ותכלית הכוונה פון „בריאת עולם הזה" און (נאָכמער —) פון גאַנץ סדר השתלשלות[14]: בכדי מאַכן די גשמיות'דיקע וועלט אַ „משכן" און „מקדש" פאַרן אויבערשטן, ובלשון הידוע[15]: אַ דירה לו יתברך בתחתונים, אין „תחתונים" דוקא, עולם הזה התחתון שאין תחתון למטה ממנו, זאָל דער אויבערשטער שטיין בגלוי בכל עצמותו („לו" — לעצמותו[16]), כביכול ווי אַ מענטש אין זיין אייגענער דירה.

און דערפאַר איז דער ציווי פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" אַ ציווי כללי ונצחי בכל הזמנים וכל המקומות — דער ציווי גייט אויך אויף בית ראשון ובית שני ובית שלישי[17], ביז אויך — אויף כל זמן הגלות, כמאחז"ל[18] „ושכנתי בתוכם, בתוכו לא נאמר אלא בתוכם, בתוך כל אחד ואחד", וכדאיתא במדרש[19] (אויף „ועשו לי מקדש") „כל מקום שנאמר לי אינו זז לעולם, לא בעולם הזה ולא בעולם הבא" — דער ענין פון „ושכנתי בתוכם" איז תכלית בריאת העולם וכל סדר השתלשלות[20].

דערפון איז מובן אויך בנוגע למשה רבינו (וואָס ער איז געווען דער וואָס האָט ממשיך געווען די שכינה למטה, כנ"ל) — אַז דער ציווי „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" איז אַן ענין עיקרי וכללי בעבודתו און דורך דעם ווערט אַן עלי' ושלימות בעבודתו.

ג. ועפ"ז איז פאַרשטאַנדיק די שייכות פון ז' אדר מיט די פרשיות תרומה ותצוה, ווען ז' אדר פאַלט אויס:

---

14) ראה תניא רפל"ו: „תכלית בריאת עולם הזה כו'", ובהמשך הפרק — „תכלית השתלשלות העולמות כו'".

וממשיך, ש„תכלית השתלשלות העולמות וירידתם ממדרגה למדרגה אינו בשביל עולמות העליונים הואיל ולהם ירידה מאור פניו ית' [והתכלית בודאי אינו בשביל ירידה ח"ו] אלא התכלית הוא העוה"ז התחתון", בכדי לעשות דירה בתחתונים, ודוקא ע"ז נעשה עלי' (גם בעולמות עליונים).

15) תנחומא נשא טז. ועוד. תניא שם.

16) ראה מאמרי אדה"ז תקס"ה ע' תפט ואילך. אוה"ת בלק ע' תתקצז ואילך. המשך תרס"ו ס"ע ג. ועוד. וראה (בנדו"ד) ד"ה ועשית את הקרשים תרע"ח (ע' קפב).

17) ראה רמב"ם הל' ביהב"ח בתחלתן. וראה לקו"ש חט"ז ע' 302 ואילך. חכ"א ע' 149.

18) ראשית חכמה שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו (ד"ה ושני פסוקים). אלשיך עה"פ פרשתנו כה, ח קרוב לסופו (ד"ה עוד יתכן). של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב.

19) ויק"ר פ"ב, ב. וראה מדרש שמואל פי"ט. ספרי בהעלותך יא, טז. — וראה בארוכה קונטרס משיחת ש"פ תרומה תשמ"ז.

20) ויש לומר הטעם שהציווי בפועל („ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם") נאמר למשה בזמן מסויים, כו"כ (כ"ו) דורות לאחרי בריה"ע אף שהוא היסוד ותכלית כל הבריאה וכל סדר השתלשלות* — כי: הכוונה בזה היא שיהי' דירה בתחתונים, בגדרי התחתונים, וחלק מגדר התחתון הוא (גדר הזמן והמקום) — שהגילוי בו הוא בזמן מסויים, לאחרי הכנת והכשרת התחתון במשך הדורות עד עשיית המשכן (ע"ד הטעם שמ"ת הי' כ"ו דורות לאחרי בריה"ע).

---

*) ואף שמחשבתה של תורה ומחשבתן של ישראל קדמו לכל דבר (ובזה גופא — קדמה מחשבתן של ישראל) (ב"ר פ"א, ד. תדבא"ר פי"ד) — הרי סוף מעשה במחשבה תחלה (ובמחשבה עצמה — בתחלת המחשבה), היינו שהכוונה במחשבה תחלה של תורה וישראל היא, שיהי' דירה בתחתונים, אלא שהגילוי בפועל ע"י עשיית המשכן (בגדרי הזמן והמקום) נעשה לאחרי זה בזמן הראוי (מצד גדרי התחתון), כבפנים ההערה. ויש לומר, שכיון שהמחשבה תחלה היא למעלה מזמן, הרי מילוי הכוונה בפועל ע"י עשיית המשכן פועל גם למפרע, שבזה נשלמה המחשבה תחלה.

אין דעם יום הלידה פון א צדיק שטייט בכח די גאנצע עבודה וואס ער וועט טאן במשך זיין לעבן, ועאכו״כ ביום לידת משה וואס דעמולט האט מען געזען בגלוי דעם עילוי פון משה[21], כמאחז״ל[22] „בשעה שנולד משה נתמלא בית כולו אור״, „מתחלת תולדתו הי׳ ראוי להאיר את כל העולם על ידי התורה״[23].

ועאכו״כ ביום פטירתו, וואס דעמולט האט מען בפועל כל עבודתו, ובפרט בא משה רבינו, וואס יום פטירתו איז געווען ביום לידתו — „היום מלאו ימי ושנותי״[24]. ונוסף לזה — איז ידוע אז ביום פטירת הצדיק שטייט בגלוי „כל מעשיו ותורתו ועבודתו אשר עבד כל ימי חייו״[25] און דאס איז מאיר מלמעלה למטה, ביז אז דאס איז „פועל ישועות בקרב הארץ״[26].

ועפ״ז איז מובן, אז אין דעם טאג פון ז׳ אדר שטייט בגלוי די עבודה פון משה רבינו „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״ (דער תוכן פון פ׳ תרומה ותצוה), וועלכע איז א חלק, און נאכמער — אן ענין כללי ויסוד בעבודת משה רבינו (מילוי תכלית כל סדר השתלשלות, כנ״ל). ועד״ז לאידך גיסא: די פרשיות גיבן ארויס בגלוי דעם אינהאלט פון „מעשיו כו׳ ועבודתו״ פון משה רבינו, וועלכער ווערט נתגלה בז׳ אדר — די עבודה פון משה „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״.

ד. ויש לומר, אז וויבאלד פ׳ תצוה קומט נאך פ׳ תרומה, גייט דאס אין א סדר מלמטה למעלה, אז אין פ׳ תצוה ברענגט זיך ארויס א העכערער און טיפערער ענין אין עבודת משה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״.

דאע״פ אז פ׳ תרומה הויבט זיך אן מיט דערמאנען שמו של משה רבינו — „וידבר ה׳ אל משה לאמר״, משא״כ פ׳ תצוה הויבט זיך אן „ואתה תצוה״, אן דערמאנען שם משה, ביז אז דאס איז די איינציקע פרשה בתורה (לאחרי לידת משה) אין וועלכע עס ווערט ניט דערמאנט דער נאמען פון משה רבינו[27] —

אעפ״כ יש לומר, אז אדרבה: דוקא דורך ניט דערמאנען שמו של משה (און במקום זה שרייבן „ואתה (תצוה)״, ביז אז דאס ווערט דער ערשטערווארט דכל הפרשה ושמה[28]), ברענגט זיך ארויס א טיפערער ענין אין משה רבינו[29].

כידוע אז א שם איז ניט עצם מציאות האדם. א שם איז א גילוי וואס איז נוגע פאר דעם זולת, דער מענטש פאר זיך דארף ניט קיין נאמען.

(21) עד שביום לידת משה „שמחו שמחה גדולה״ (תוד״ה אמר כמשה — נזיר יד, א). ולא עוד אלא שגוברת על היפך השמחה דיום המיתה — „כדאי הוא יום הלידה שיכפר על המיתה״ (פרש״י מגילה יג, ב). — נתבאר בארוכה בלקו״ש חכ״ו ע׳ 1 ואילך (שהעילוי הוא מצד הלידה).

(22) סוטה יב, א. שמו״ר ופרש״י שמות ב, ב.

(23) בחיי בס׳ כד הקמח מע׳ נר חנוכה. הובא ונתבאר בלקו״ש שם ע׳ 3 ואילך.

(24) ר״ה יא, א. פרש״י ר״פ וילך.

(25) ל׳ אגה״ק ביאור לסי׳ זך (קמז, סע״א).

(26) שם סי׳ כח (קמח, א).

(27) וזהו רמז להסתלקות משה בז׳ אדר (הבא ע״פ רוב בסמיכות לזמן קריאת פ׳ תצוה), כנ״ל הערה 7.

(28) וגם בתוך הפרשה עצמה נזכר ריבוי פעמים ציוויים למשה. וראה זהר חדש שה״ש בתחלתו (ס, ג): „הו״ל למיכתב שמי׳ דמשה בכל מלה ומלה ובכל פיקודא ופיקודא דתמן״.

(29) בהבא לקמן — ראה גם לקו״ש חט״ז ע׳ 351. חכ״א ע׳ 174. ע׳ 205 ואילך.

בסגנון אחר: אַ שם באַווייזט אויף אַ געוויסן תואר וציור. משא"כ דער עצם האדם איז העכער פאַר שמות ותוארים.

ועפ"ז יש לומר אַז דאָס וואָס שמו של משה ווערט ניט דערמאָנט בפירוש אין פ' תצוה, איז (אויך) ווייל דאָס באַדייט דעם עצם פון משה, ווי ער איז נאָך העכער פאַר שמו (משה), וואָס ווערט דערמאָנט פריער אין פ' תרומה.

ה. וביאור הענין:

דער נאָמען משה איז על שם „כי מן המים משיתיהו"[30]. שטייט אויף דעם אין חסידות[31], אַז דאָס איז ווייל שרש נשמת משה איז פון אַ דרגא גבוה מאד, פון עלמא דאתכסיא (מים), און בשעת די נשמה איז אַראָפּ למטה (ווען משה איז געבאָרן געוואָרן), איז געווען דער „מן המים — פון עלמא דאתכסיא — משי־תיהו" אין עלמא דאתגליא, ביז אין עולם הזה הגשמי.

דעריבער האָט משה געזאָגט[32] „לא איש דברים אנכי גו' כי כבד פה גו'", ווייל שרש נשמתו מבחי' עדאתכ"ס איז העכער פון גילוי אין דיבור, נאָר דער אויבערשטער (דער „שם פה לאדם"[33]) האָט אים געגעבן דעם כח אַז אויך זיין מדריגה (שלמעלה מגילוי הדיבור) זאָל אַרויס בגילוי בדיבור (דורך „אהרן אחיך גו' הוא יהי' לך לפה"[34]).

און די כוונה פון ירידת נשמת משה (פון אַזאַ הויכער דרגא) איז כדי „לגאול את ישראל ושיהי' מתן תורה על ידו כו'"[35], ויש לומר אויך — דער המשך ושלימות דערפון — „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", וואָרום בכדי אויפטאָן השראת השכינה למטה, ביז די התחלה ונתינת כח אויף מאַכן אַ דירה לעצמותו ית' בתחתונים, האָט דאָס געדאַרפט זיין בכח פון דער גילוי („משיתיהו") „מן המים", פון אַ דרגא וואָס איז למעלה מגילוי מצ"ע.

ו. לאחרי כל המעלות אין דעם נאָמען פון „משה", איז דאָס אָבער פאָרט אַ שם, וואָס אַ שם איז ניט עצם מציאות האדם (כנ"ל). אַ שם באַווייזט אויף אַ געוויסן תואר וציור. משא"כ דער עצם האדם איז העכער פאַר שמות ותוארים (ועד"ז אויך בנוגע צו דער נשמה — איז דער עצם הנשמה העכער פאַר די חמשה שמות שנקראו לה[36]).

וע"ד כביכול ווי דאָס איז באַ דעם אויבערשטן, אַז די שמות הקדושים זיי־נען פאַרבונדן מיט הארות וגילויים כו', אָבער עצמותו ומהותו ית' איז העכער פון שמות (לא אתרמיז בשום אותא וקוצא כלל[37]), עד"ז איז דאָס באַ צדי־קים (וועלכע זיינען דומים לבוראם[38]), ובעניננו — משה רבינו, אַז זיין עצם ומהות איז העכער פאַר שמו („משה").

ועפ"ז איז מובן, אַז דאָס וואָס שמו של משה ווערט ניט דערמאָנט אין פ' תצוה, איז ווייל דאָס באַדייט דעם עצם פון משה, ווי ער איז נאָך העכער פאַר שמו[39]

30) שמות ב, י.
31) תו"א נא, ד. ובכ"מ.
32) שמות ד, י.
33) שם, יא.
34) שם, יד: טז.

35) תו"א שם.
36) ב"ר פי"ד, ט.
37) לקו"ת פינחס פ, ב. וראה זח"ג רנז, ב.
38) ראה ב"ר פס"ז, ח. ובכ"מ.
39) ואולי י"ל שזהו ע"ד הטעם שלא נזכר שם קדוש במגילת אסתר, מפני שקשורה עם עצמותו ית' דלא אתרמיז בשום אות כו' (תו"א מג"א ק, ב. קכא, רע"ג. ועוד).

משה, בחי' „מן המים משיתיהו" (דער גילוי פון שרש נשמתו מעלמא דאתכסיא).

דאָס הייסט, אַז לאחרי הגילוי בפ' תרומה פון כחו של משה צו ממשיך זיין דעם „ושכנתי בתוכם" מצד זיין דרגא פון שם „משה" („וידבר ה' אל משה"), „מן המים משיתיהו" — קומט מען דערנאָך צו אַ העכערע, טיפערע הבנה בזה, אין פ' תצוה — אַז עס ווערט נתגלה עצמותו של משה (ווי ער איז העכער פון שם ותואר), ויש להוסיף — אַז דורך דעם ווערט נתגלה דער עצם שלמעלה, עצמותו ומהותו ית', וואָס דוקא פאַר אים (און דוקא בכחו) מאַכט מען דעם „ושכנתי בתוֹכם", דירה לו, לעצמותו, בתחתונים.

וכשם ווי דער גילוי בפ' תצוה איז פון עצם דמשה און עצמותו ית' (העכער ווי דער גילוי פון שמו בפ' תרומה), איז אויך די פעולה פון דעם „ועשו לי מקדש" דערגרייכט און נעמט מערער דורך — דעם תחתון:

מצד די מדריגה פון משה וואָס איז פאַרבונדן מיט שמו, אַ דרגא מסויימת — דערגרייכט דאָס ניט אין דעם תחתון ביותר. דוקא דורך דעם גילוי העצם פון משה (און דער עצם שלמעלה), וואָס איז העכער פאַר שם ותואר, דערגרייכט מען און מ'טוט אויף דעם „ושכנתי בתוכם" אויך אין דעם תחתון ביותר[40].

און דאָס איז דער פירוש אין „ואתה תצוה": „ואתה" ווייזט אויף „מהות עצמותך"[41] פון משה, העכער פאַר זיין שם, און דוקא אויף דעם זאָגט מען „ואתה" בלשון נוכח, תכלית הגילוי פון דעם עצם פון משה'ן[42], וואָס פאַרבינדט זיך מיט דעם „אתה" האמיתי אחד שלמעלה[43], עצמותו ומהותו ית' (וואָס באמת לאמיתו איז דוקא אויף עצמות שייך זאָגן „אתה" לשון נוכח)[44],

און דאָס ווערט באופן פון „(ואתה) תצוה", תצוה מלשון[45] צוותא והתקשרות (פון אַלע אידן) מיט אתה (עצם) פון משה[46], און דורך אים (ממוצע המחבר"[47]) — מיט עצמותו ית'. וואָס

---

40) ראה בארוכה לקו"ש חכ"א ע' 178 ואילך, שכל הענינים שבפרשת תצוה — העלאת הנרות, עשיית בגדי כהונה, חינוך אהרן ובניו ועשיית מזבח הקטורת — ענינם הוא ההמשכה גם להפשוטים שבישראל, עד לאלו שהם בדרגא הכי תחתונה, שהמשכה זו היא דוקא מצד עצמותו של משה, ואתה תצוה.

41) כלי יקר עה"פ. וראה ד"ה זאת תורת הבית תרפ"ט פי"א (סה"מ קונטרסים ח"א מה, א).

42) וראה לקו"ש חכ"ו ע' 205 ואילך, שזהו גם תוכן ענין הסתלקות (של משה בז' אדר) — שאז נעשה גילוי רוחו והעצם של הצדיק, ובתכלית הגילוי („ואתה" לשון נוכח) — דאשתכח יתיר מבחיוהי כו' (אגה"ק סז"ך וביאורו).

43) ראה ד"ה זאת חנוכת הבית הנ"ל.

44) ועניז זה, מרומז לא רק ב„ואתה תצוה" (כבפנים), אלא גם בתיבת „תצוה" (שם הסדרה ע"פ מנהג ישראל הנפוץ ועוד). כי „שם" שייך למספר ת"ק כמחז"ל „הלך הקב"ה מהלך ת"ק שנה לקנות לו שם" (קה"ר פ"ז, א (ב). מדרש שמואל פנ"ג), ו„תצוה" בגימטריא תק"א, ת"ק ועוד אחד — רומז על העצם שלמעלה מבחי' שם — ראה בארוכה לקו"ש חכ"ו ע' 207 ואילך.

45) תו"א תצוה פב, א. ד"ה זאת חנוכת הנ"ל. ד"ה וקבל היהודים תרפ"ז פ"ד.

46) ועניז זה מתאים גם לפי הטעם בספרים (בעה"ט ר"פ תצוה. ועוד. וראה לקו"ש חט"ז ע' 342. חכ"א ע' 173. וש"נ) שלא נזכר שמו של משה מפני שאמר משה (תשא לב, ב) „ואם אין מחני נא מספרך גו'" (ואמירת „חכם אפילו על תנאי באה" — מכות יא, א) — כי גם האמירה ד„מחני נא" היא מצד ההתקשרות העצמית דמשה עם ישראל שלמעלה מהתורה (נתבאר בארוכה בלקו"ש חכ"א ע' 173 ואילך. וש"נ).

47) ד"ה פנים בפנים תרנ"ט.

דורך דעם ווערט שלימות הענין פון „ושכנתי בתוכם" — גילוי עצמותו ית' („אתה") דאָ למטה „בתוכם", בתח־תונים, אויך אַלס נתינת כח אויף דער עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" אין די בתי מקדשות שלאחרי זה, און „בתוכם", בתוך כל אחד ואחד.

וואָס די מדריגה איז העכער פאַר דעם וואָס רעדט זיך אין פ' תרומה: מצד די מדריגה פון משה וואָס איז פאַר־בונדן מיט שמו (בפ' תרומה), האָט מען די גילויים שלמעלה וואָס זיינען פאַר־בונדן מיט „תרומה", אותיות „תורה מ'", התורה שניתנה למ' יום[48], ווי תורה איז געגעבן געוואָרן למשה רבינו (ענינו של תורה, „זכרו תורת משה עבדי"[49], כיון שמסר נפשו עלי'[50]), און ווי תורה איז פאַרבונדן דוקא מיט זמן גשמי למטה (ארבעים יום), אָבער דאָס דערגרייכט ניט דעם אָרט וואָס איז העכער פאַר תורה (מחשבתן של ישראל קדמה למחשבתה של תורה[51]), און דערפאַר קען מען מצד דער מדריגה ניט דער־גרייכן אַן אָרט וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם תחתון ביותר (מקום החטא, וואָס איז היפך התורה).

דוקא „ואתה (תצוה)", דער עצם פון משה (פאַרבונדן מיט דעם עצם שלמע־לה), פועל'ט דעם „תצוה את בני ישר־אל", דעם צוותא וחיבור פון אַלע אידן (אפילו די וואָס האָבן חוטא געווען און געפינען זיך למטה ביותר) אין איין מצי־אות[52].

ז. ע"פ הנ"ל איז יומתק אויך פאַר־וואָס „ואתה" (בריש פ' תצוה) שטייט מיט אַ וא"ו המוסיף בתחלתו („ואתה")*; דאָס קומט בהמשך ובהוספה צו דעם וואָס רעדט זיך פריער אין פ' תרומה (ווי פשטות הענין, אַז דאָס איז אַ המשך צו דעם ציווי בר"פ תרומה „וידבר ה' אל משה לאמר") —

ווייל דער גילוי העצם (פון „ואתה") גיט צו אַ הוספה אין דעם „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" ווי דאָס איז מצד שמו של משה (בפ' תרומה), הן מצד דעם גילוי מלמעלה — גילוי עצמותו ית', העכער פאַר כל שם ותואר, און הן אַז דאָס דערגרייכט למטה יותר[53].

ויש לקשר זה אויך מיט דעם וואָס „אות אמת דא אות וא"ו"[54], ווייל דער

48) זח"ג קעט, א. תקו"ז תי"ז (לא, ריש ע"ב). וראה אוה"ת פרשתנו ע' א'שמה ואילך. ע' א'שפד. דרושים לשבועות ע' קלט ואילך. סה"מ תרכ"ו ע' קמג ואילך. תרכ"ז ע' תעה ואילך. תרכ"ט ע' קפד ואילך. ד"ה וידבר גו' ויקחו לי תרומה העת"ר (בהמשך תער"ב ח"ב ע' תתפח). סה"מ תש"ט ע' 151.

49) מלאכי ג, כב.

50) מכילתא בשלח טו, א. שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ.

51) כנ"ל הערה 20 בשוה"ג.

52) ראה לקו"ש שבהערה 40. וראה סד"ה ואתה תצוה תרפ"ד.

53) ויש לומר יתירה מזה, ש„ואתה" (בוא"ו המוסיף) מורה גם על זה שגילוי העצם („אתה") בהמשכן (אינו ענין בפ"ע מהגילוי בזה שקשור עם בחי' שם ותואר כו', אלא שהוא) בא בהמשך ובהוספה על זה — כי הכוונה בדירה בתחתונים (לעצמותו) היא, שלא תתבטל המציאות דסדר השתלשלות, אלא שזה יבוא „בהוספה" על זה, עד שגילוי העצם יומשך ויחדור ויעלה כל פרטי הדרגות שבסדר השתלשלות (שמצ"ע הן ירידה מאור פניו ית'), כולל כל הדרגות וגילויים שמתוארים בשמות ותוארים, וביניהם — דרגת משה, בחי' „מן המים משיתיהו".

54) זהר ר"פ ויקרא. ולהעיר מתחלת מאמר הזהר שם: וידעין לצרפא אתוון דאתיהיבו לי' למשה בסיני כו' וידעין כו' גו אתוון תתאין חכמתא לאנהגא עובדין בהאי עלמא כו'.

*) ראה עד"ז אוה"ת תצוה ע' א'תקנא, סד"ה ואתה תצוה העת"ר (בהמשך תער"ב) — ש„ואתה" (עם וא"ו המוסיף) מורה על גילוי והמשכת למעלה מסדר השתלשלות בסדר השתלשלות.

אות וא״ו (וואָס איז בצורה פון אַ קו וואָס ווערט נמשך מלמעלה מעלה ביז למטה מטה) איז בחי׳ בריח התיכון המבריח מן הקצה אל הקצה, ראש תוך סוף. וואָס דאָס איז דער ענין פון אמת, וואָס באַשטייט פון די אותיות א׳ מ׳ ת׳ — אל״ף דער ראש כל האותיות, מ״ם אמצע האותיות, ותי״ו סוף כל האותיות, „וכל־לותם הוא אות וא״ו שהוא קו האמצעי״[55] — אַז אמת איז בכל הדרגות כולם, מראש כל דרגין עד סוף כל דרגין.

ובעבודה איז דאָס דער ענין וואָס אַ איד איז מגלה דעם אמת פון „אלופו של עולם״, „אמיתת המצאו״[56], אין „כל הנמצאים״ (וועלכע נעמען זיך פון „אמיתת המצאו״)[56], ביז למטה למטה, בבחי׳ תי״ו (סוף כל האותיות והדרגות), און אין אַלע דרגות בינתיים (כמרומז אין דעם מ״ם, אמצע האותיות)[57].

ויש לומר, אַז דאָס איז מתאים מיט דעם וואָס אות וא״ו באַווייזט אויף דער הוספה פון פ׳ ואתה תצוה אויף פ׳ תרומה — אַז דער אות וא״ו (דאָ אות אמת) באַווייזט אויף דעם גילוי פון „אמיתת המצאו״ (עצמותו ית׳) ביז למטה מטה. און די הוספה איז אין אַן אופן (ניט אַז ער איז מבטל מציאות העולם, נאָר) ער איז מגלה „אמיתת המצאו״ אין וועלט גופא (אין אַלע דרגות שבה, מריש כל דרגין עד סוף כל דרגין), אַזוי אַז בכל הדרגות כולם פון סדר השתלשלות ווערט אַ משכן ומקדש לה׳, דירה לו יתברך.

ח. דערפון איז אויך פאַרשטאַנדיק בנוגע צו דער עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם״ (בתוך כל אחד ואחד) וואָס אידן, כל אחד ואחד, טוען במשך כל הדורות — אַז מ׳באַקומט דעם כח לזה פון דעם ציווי ה׳ (בפ׳ תרומה ותצוה) דורך משה רבינו.

ובפרט אַז יעדער איד האָט אין זיך בחי׳ משה שבקרבו[58], און דאָס ווירקט אויף אים בפועל (אַזוי אַז לגבי בחי׳ משה שבו איז „יראה מילתא זוטרתי היא״[59]).

וכשם ווי בא משה׳ן זיינען בכללות פאַראַן די צוויי דרגות, שמו של משה „מן המים משיתיהו״, און עצם שלו („ואתה״) — אַזוי ווערט אויך נמשך דער כח צו יעדער איד, צו טאָן די עבודה הן מצד דער דרגא פון „מן המים משיתיהו״, מגלה זיין זיינע כחות הנעלמים, און נאָך העכער ובהוספה על זה — מגלה זיין דעם עצם שלו (שלמעלה משם ותואר), וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם עצם שלמעלה, און דורך דעם אויפטאָן כביכול דעם „ושכנתי בתוכם״, באופן כזה אַז בכל העניינים שלו הערט זיך בגלוי דער „ואתה תצוה״, דער פאַרבונד מיט עצם שלו, ועי״ז — מיט עצם שלמעלה, דער אויבערשטער, ובלשון

---

55) ביאורי הזהר (לאדהאמ״צ ולהצ״צ) ויקרא שם.

56) ל׳ הרמב״ם בריש ספר היד.

57) ובספירות: ההמשכה מבחי׳ אל״ף, כתר (או חכמה), בב׳ דבראשית (מעשה בראשית), בינה אם הבנים, עד לז״א (מ״ם), ועד למלכות (תי״ו), סוף כל דרגין (כנגד ארבע מאות שקל כסף עובר לסוחר, ת׳ עלמין דכסופין — תו״א ר״פ וישלח).

ולהעיר גם מפתגם כ״ק מו״ח אדמו״ר (בשם אדה״ז — „היום יום״ ח׳ אדר א. וראה לקו״ש ח״ב ע׳ 616) שצורת אות אל״ף הוא, יו״ד למטה ויו״ד למעלה וקו המחברם באמצע, היינו האיד (יו״ד) דלמטה ויו״ד למעלה (ר״ת דשם הוי׳), ושניהם קשורים זב״ז ע״י הוא״ו המחברם באמצע. והן מלמעלה למטה והן מלמטה למעלה (והתהלכתי בתוככם לשון רבים, ב׳ הליכות).

58) תניא רפמ״ב.

59) ברכות לג, ב.

נוכח — מראה באצבעו ואומר זה[60].

ובאותיות פשוטות מיינט דאָס:

דער יסוד ותכלית פון אַלע עניני עבודה פון אַ אידן דאַרף זיין — "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם". אַלע זאַכן וואָס ער טוט — צי אַ גרויסע זאַך אָדער אַ קליינע, צי אַ הייליקע זאַך, ווי לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, אָדער אַ זאַך פון (להבדיל) דברי רשות (עסן, טרינקען וכו'), צי באַ זיך אין שטוב אָדער באַ דער אַרבעט, אָדער אין גאַס — דאַרף ער דערפון מאַכן אַ משכן ומקדש לה', אַז אַרט אויף וועלכן דער אויבערשטער זאָגט "ושכנתי בתוכם".

און די עבודה בזה דאַרף זיין אין אַן אופן, אַז נוסף לזה וואָס ער טוט עס מצד בחי' משה שבקרבו, ווי דאָס איז זיינער אַ שם ותואר (אַ דבר נוסף אויף זיין עצם), דאַרף ער דערצו (כמו וא"ו המוסיף) אויך דערגרייכן נאָך אַ העכערע מדריגה אין עבודה — אַז במקום ותמורת זה ווערט דער גילוי פון "ואתה", אַזוי אַז כל הכחות שלו, און כל ענינים שלו, אויך די עניני רשות, ווערן איבערגעביטן צו נאָך אַ העכערן ענין[61] — דעם ענין פון "ואתה תצוה", אַז עס הערט זיך (ניט קיין דבר של רשות, נאָר) מלכתחילה קדושה, ווי דאָס איז פאַרבונדן (תצוה לשון צוותא וחיבור) מיטן אויבערשטן.

ט. ובפרטיות יותר:

די עבודה פון "ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" ווערט אויפגעטאָן דורך דעם ענין פון "ויקחו לי תרומה גו'" (וואָס שטייט לפני זה אין דעם ציור)[62], אַז אַ איד נעמט פון זיינע י"ג (ט"ו)[63] דברים גשמיים שבעולם (וואָס ווערן דערנאָך אויסגערעכנט אין פסוק), אין וועלכע עס טיילן זיך כל עניני העולם, און גיט זיי אָפּ צו מאַכן דערפון אַ משכן פאַר דעם אויבערשטן.

דער ענין אין עבודה:

בכללות — "תרומה" גייט אויף תורה[64], וואָס דאָס איז כולל אַלע ענינים אין עבודת ה', וועלכע מ'ווייסט זיי דורך דעם וואָס זיי ווערן אָנגעזאָגט אין תורה (מלשון הוראה[65]), תורה אור — אַ ליכטיקער וועג-ווייזער ווי אַ איד דאַרף זיך אויפפירן אין זיין טאָג טעגלעכן לעבן, און מאַכן פון אַלע זיינע באַשעפטיקונגען אַ מקדש[66] לה'[67].

60) ל' חז"ל — שמו"ר ספכ"ג. וראה תענית בסופה.

61) וי"ל — לא כמו תמורות האותיות (כמבואר כשעהיוה"א מספר יצירה פ"ב מ"ד וה'), שהם למטה מן האותיות, אלא ע"ד "והי' הוא ותמורתו יהי' קודש", שהתמורה היא בפשטות למעלה מהדבר שהחליף.

62) וראה לקו"ש חכ"א ע' 152 ואילך, ששם הפרשה הוא "תרומה" כי בזה מתבטא עיקר הענין דהשראת השכינה למטה ע"י עבודת האדם דוקא. עיי"ש.

63) ראה לקו"ש שם ע' 153 הערה 70-71. וש"נ.

64) כנ"ל בפנים סו"ס ו. וראה שמו"ר ריש פרשתנו (פרשה לג ולד). תניא פמ"ז.

65) ראה זח"ג נג, ב.

66) ועפ"ז יש לומר הטעם פנימי (ב"יינה של תורה") שרש"י מעתיק בפירושו בד"ה הראשון בפרשתנו גם תיבת "תרומה" (אף שפירושו הוא על תיבת "לי")*, כי עיקר ויסוד העבודה דעשיית מקדש לה' הוא ע"י ענין התורה שמרומז בתיבת "תרומה" (תורה מ').

67) ולהעיר שתורה בכלל הוא ענין המשכן ומקדש לה' (ראה תניא פל"ד) וכמאחז"ל שע"י התלבשותו בהתורה ה' נמשך במשכן וכו' (ראה שמו"ר ריש פרשתנו (פל"ג, א. ז)).

*) הביאור ע"ד הפשט — ראה לקו"ש חט"ז ע' 284 ואילך.

מער בפרטיות: די ערשטע דריי זאַכן (פון די י"ג דברים), „זהב וכסף ונחושת" (וועלכע זיינען אויך די ערשטע במעלה, און זיי זיינען כולל די אַנדערע) — זיינען כנגד די שלשה קוים, תורה עבודה וגמילות חסדים[68], וועלכע זיי־נען כולל אַלע ענינים אין עבודת ה' — די שלשה עמודים שעליהם העולם (אויך דער עולם קטן זה האדם[69]) עומד וקיים[70].

ויש לומר הטעם, ווייל די דריי עמודים זיינען ענינים עיקריים אין דעם משכן ומקדש, כמדובר כמ"פ[71]:

תורה — ווערט אונטערשטראָכן אין דעם ערשטן פרט אין דעם ציווי פון ועשו לי מקדש: ועשו[72] ארון גו' ונתת אל הארון את העדות (התורה[73]).

עבודה — „ביתי בית תפלה יקרא"[74] און „זה שער השמים"[75], אַלע תפלות זיינען געווענדעט און גייען ארויף דורך דעם בית המקדש (וקדש הקדשים)[76]. און „ועשו לי מקדש" איז בכדי עס זאָל זיין אַ „בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"[77] — דער קו העבודה, וואָס תפלות במקום קרבנות תקנום[78] (ובפרט תפלה אין ביהכנ"ס — „מקדש מעט"[79]).

גמילות חסדים — ווי דער ציווי פרטי באַלד נאָך „ועשו ארון": „ועשית[80] שלחן גו' ונתת על השלחן לחם", וואָס דער ביהמ"ק איז געווען דער אָרט פון וועלכן און דורך וועלכן דער אויבערשטער האָט משפיע געווען אַלע זיינע חסדים[81] פאַר דער וועלט בכלל און פאַר אידן במיוחד.

נוסף על זה — אַז „ויקחו לי תרומה" (אַלס הכנה צו עשיית המשכן) איז בפשטות דער ענין הצדקה.

י. ויש להוסיף, אַז אין דעם קו פון גמילות חסדים (צדקה) גופא — זיינען פאַראַן דריי מדריגות, כמרומז אין „זהב וכסף ונחושת":

עס שטייט אין ספרים[82] בביאור כתוב זה („זהב וכסף ונחושת"): „וכנגדן יש צדקות בעולם, אותה שאדם עושה כש־הוא בריא נחשבת לו כזהב, כשהוא חולה ונותן מעתה נחשבת לו ככסף, כשהוא נותן לאחר המיתה נחשבת לו כנחשת".

און מ'גיט צו[83], אַז דאָס איז אויך מרומז אין ראשי תיבות שלהם: זה"ב

---

68) תו"א בהוספות קיא, ד. ובכ"מ. וכמובן גם מזה שהם כנגד חג"ת (ראה זהר פרשתנו — קלח, ב. קמז, א. קמח, א. ועוד), חסד (גמילות חסדים), גבורה (עבודה), תפארת (תורה).

69) תנחומא פקודי ג. תקו"ז תס"ט (ק, א).

70) אבות ריש וסוף פרק א.

71) ראה בארוכה קונטרס משיחת ש"פ תרומה תשמ"ז. ועוד.

72) פרשתנו כה, י. וראה רמב"ן ריש פרשתנו: עיקר החפץ במשכן הוא מקום מנוחת השכינה שהוא הארון. וראה שמו"ר פרשתנו פל"ד, ב. תנחומא ויקהל ז.

73) פרש"י שם, טז.

74) ישעי' נו, יז.

75) ויצא כח, יז ובפרש"י.

76) ראה ברכות ל, א. ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. רמב"ם הל' תפלה פ"ה ה"ג. טושו"ע ודאדה"ז או"ח סצ"ד ס"א־ב.

77) רמב"ם הל' ביהב"ח בתחלתן.

78) ברכות כו, א־ב. זח"ב כ, ב.

79) יחזקאל יא, טז. מגילה כט, א.

80) פרשתנו כה, כג. שם, ל.

81) ראה בחיי פרשתנו שם, ג. אוה"ת פרשתנו ע' א'תעו ואילך. וש"נ. וראה קונטרס הנ"ל.

82) רבותינו בעה"ת ריש פרשתנו. וראה פי' הרא"ש שם.

83) אגרת הטיול (לאחיו של המהר"ל) חלק הרמז אות ד'. וראה גם תורה שלימה עה"פ (אות לח).

ר"ת זה הנותן בריא, כלומר בעוד שהוא בריא זה מעלה עליונה בנתינת הצדקה. כס"ף ר"ת כשיש סכנת פחד, כלומר שהוא בסכנת פחד, זה מעלה שני' בנתינת הצדקה. נחש"ת ר"ת נתינת חולה שאמר תנו, כלומר שהוא שכיב מרע, זהו מעלה התחתונה בנתינת הצדקה.

ויש לומר, אז וויבאַלד מצות צדקה איז „שקולה כנגד כל המצוות"[84] („עיקר המצות מעשיות"[85]), דעריבער איז אין דעם מרומז די דריי דרגות הנ"ל, וועלכע נעמען אַרום אַלע מדריגות אין עבודת ה', אין „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם":

„זה הנותן בריא" (זהב) באַווייזט אויף שלימות העבודה (עבודת הצדיקים וכיו"ב), בשעת דער „נותן" איז אַ „בריא" בכל עניני תומ"צ. וואָס דאָס איז בהתאם לזה וואָס זהב איז דער ערשטער פון די י"ג דברים, בפשטות ווייל זהב איז דער מובחר מכולם. [און מ'האָט עס גענוצט פאַר די דברים הכי חשובים אין משכן — דער ארון (עיקר החפץ במשכן[86]), ועד"ז אין די מקיפים — די יריעות ובריחים מצופים בזהב וכו'. ביז אַז דוקא בנוגע צו זהב זאָגן חז"ל[87] אַז „לא הי' העולם ראוי להשתמש בזהב ולמה נברא בשביל המשכן כו'"[88]].

„כשיש סכנת פחד" (כסף) גייט אויף דרגת העבודה ווען דער מענטש איז אַנגערירט געוואָרן פון דעם העלם והסתר ועניִנים בלתי רצויים שבעולם; נאָר דורך זיין עבודה (נתינת הצדקה) ווערט ער דערפון אויסגעלייזט[89].

84) ב"ב ט, א.

85) תניא פל"ז.

86) רמב"ן ריש פרשתנו (נעתק לעיל הערה 72).

87) שמו"ר פרשתנו רפל"ה. ב"ר פט"ז, ד.

88) אלא שבשביל השלימות דעניִן הבחירה — נמצא זהב גם בעולם (עד שאפשר להשתמש בו באופן בלתי רצויי, „וזהב עשו לבעל" — הושע ב, י. פרש"י ר"פ דברים).

ועפ"ז יש לומר, שע"י נתינת זהב למשכן (עבודת הצדיקים) יש בו שלימות נוספת — השלימות שע"י ענין הבחירה (שהוא בדוגמת לבחירה שלמעלה, וכמ"ש הן האדם הי' כאחד ממנו — ראה רמב"ם הל' תשובה רפ"ה. לקו"ת אמור לח, ב), שכל ענין הזהב בעולם נברא רק בשביל שיהי' השלימות העבודה בכח הבחירה.

וזהו מענה לשאלת רבים, בנוגע להנסיונות שבעולם, למה עשה ה' ככה? הכוונה בכל הנסיונות היא — למען נסות (הרמה — ראה לקו"ת ד"ה אחרי ה"א גו' (ראה יט, ב ואילך). ביאור אחרי בסוף סהמ"צ להצ"צ (קצב, ב). ד"ה נתת ליראיך פר"ת. ועוד) — בכדי שיהי' השלימות שע"י בחירת האדם עומד בתוקף נגד הנסיון. ואכ"מ.

89) ואולי י"ל שהפ"א ד„כסף" הוא גם ר"ת „פודה".

*) ועד כדי כך, שאף שהתהוות הזהב (וכל דבר בעולם) מאין ליש היא בכח **העצמות** (אגה"ק ס"כ), והתהוות תמידית בכל רגע מחדש — מ"מ **לא נתבטל** מציאות הדבר כשמשתמשים עמו **היפך** רצון ה', היינו שההתהוות בכח העצמות (שאינו מוכרח ואינו נתפס כו' ברצונו) היא באופן שנותנת האפשריות לעבור על רצון ה' (**נתתי** לפניך את החיים ואת הטוב ואת גו' — נצבים ל, טו), כדי שיהי' (בקיום רצון ה') גם תכלית השלימות דעבודה ע"י **הבחירה**.

ועפ"ז יש לומר שהאפשריות למציאות הרע בעולם אינה סתירה לרצון ה' במצוות, כי כל אפשריות זו היא רק כדי שבקיום המצוות תהי' גם מעלת הבחירה. וכמבואר במ"א שבהבחי' שעלי' אמרו „איני יודע באיזה מהם חפץ" (שמצד בחינה זו יש אפשריות לבחירה לעבור על רצון ה'), בבחי' זו גופא חפץ הוא במעשיהן של צדיקים (כידוע שיחת אדנ"ע (יום שמח"ת עדר"ת — תורת שלום ס"ע 190 ואילך) שמצוות מתייחסות אל **העצמות**).

„נתינת חולה שאמר תנו" (נחשת) באַווייזט אויף די נידעריקסטע מדריגה אין עבודה, אַז ער איז שוין אַ „חולה" ר"ל, וואָס אַ טייל פון עם איז שוין ווי „לאחר המיתה", אָפּגעשניטן (בחיצוניות ולפי שעה) ר"ל פון תורת חיים ומקור החיים. אָבער אויך ער האָט בכח צו געבן צדקה, ואדרבה — דורך „שאמר תנו" (אָן אמירה בלבד), איז דאָס אַ נתינה בשלימותה. און דורך דעם (נתינה של נחשת) האָט ער אויך אַ טייל אין דעם „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם".

אין וועלכער דרגא אַ איד זאָל נאָר האַלטן, מלמעלה מעלה עד למטה מטה, האָט ער בכח צו מאַכן אַ משכן לה'.

ולהוסיף, אַז „נתינת חולה שאמר תנו" שפּיגלט אויך אָפּ כללות העבודה בזמן הזה (בכל הדרגות של עבודה): דער עולם מצד עצמו איז בבחי' „חולה", ניט בשלימות (דאע"פ וואָס עולם על מילואו נברא[90], „אלה תולדות השמים והארץ בהבראם"[91], תולדות מלא כתיב, קומט עס ניט צו דער שלימות פון „אלה תולדות פרץ"[92] דלע"ל וואָס ווערט דורך עבודת האדם במשך כל שנין דהוה עלמא). וכידוע אַז „חולה" (ובעבודה — בחי' חולת אהבה) איז בגימטריא מ"ט[93], וואָס דאָס באַווייזט אויף די מ"ט שערי בינה וועלכע מ'גיט ומגלה בעולם הזה[94]. און דורך דער עבודה פון אַ אידן („שאמר תנו"), ובפרט מצד משה שבקרבו, באַקומט ער אויך דעם שער הנו"ן, „גבור", נו"ן בו[95] (בדוגמא ווי משה האָט דערגרייכט (ביום הסתלקותו, בז' אדר))[96], און עס ווערט בריא, אויס „חולה".

**יא. דער לימוד והוראה בפועל מכל הנ"ל:**

שטייענדיק אין שבת פ' תרומה, ערב ז' אדר, און אַריינגייענדיק אין דער וואָך פון פ' תצוה — ווען עס שטייט בגלוי כל מעשיו ועבודתו פון משה רבינו, כולל ובמיוחד — די עבודה עיקרית פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם" —

באַקומט יעדער איד פון משה רבינו (ובפרט פון משה שבקרבו) כחות ביתר שאת וביתר עוז אויף טאָן די עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", בתוך כל אחד ואחד, אָנהויבנדיק פון זיין לב, הארץ, וכל הכחות שלו, ועד"ז אין זיין שטוב און באַ זיינע בני משפחה, ועד"ז בחלקו בעולם — אַז אין אַלע זיינע טועכצן זאָל זיין ניכר ווי דאָס איז אַ מקדש לה', אויף וועלכן דער אויבערשטער זאָגט „ושכנתי בתוכם".

ובכללות — דורך „ויקחו לי תרומה גו' זהב וכסף ונחושת", די עבודה פון תורה עבודה וגמילות חסדים. כולל דורך דעם וואָס מ'מאַכט די אייגענע שטוב אַ בית-תורה תפלה וצדקה, און מ'בויט אויף נייע בנינים באופן זה (ובפרט בשנה וועלכע איז „שנת הבנין"), כמדובר כמ"פ באַרוכה[97].

---

90) ב"ר פי"ב, ו. פי"ג, ג. פי"ד, ז.

91) בראשית ב, ד.

92) רות ד, יח.

93) טעהמ"צ להאריז"ל פ' וירא. מאו"א ח, לה. לקו"ת ברכה צז, ב. ס' החקירה להצ"צ ד"ה סמכוני (פו, ב ואילך).

94) ר"ה כא, ב.

95) ס' הליקוטים להאריז"ל ואתחנן ג, כו. הובא בשל"ה חלק תושב"כ פ' ואתחנן (שסט, א). ש"ך עה"ת עה"פ.

96) ראה בכ"ז לקו"ת במדבר יב, א ואילך. אוה"ת ברכה ע' ב'קסג ואילך. ועוד.

97) ראה שיחת ש"פ נח תשמ"ז (לקו"ש חכ"ה ע' 297 ואילך). קונט' משיחת ש"פ תרומה תשמ"ז. לעיל ע' 16 ואילך (ובהנסמן שם). ועוד.

יב. און דער ענין איז נאָכמער בהדגשה בדורנו זה: נוסף צו די כחות הנ"ל — באַקומט מען אויף דעם ספּעציעלע כחות פון אתפשטותא דמשה[98] שבדורנו, כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, וועלכער האָט אָנגעזאָגט — „ואתה תצוה" — און געגעבן פון זיינע עצמיות'דיקע כחות צו יעדערן אויף טאָן די עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", ביז אין אַן אופן אַז דאָס זאָל דערגרייכן בכל העולם כולו — דורך הפצת התורה והיהדות (תורה עבודה וגמילות חסדים) כולל הפצת המעינות חוצה, ביז אין חוצה שאין חוצה ממנה.

ובמיוחד — דורך די מוסדות וועלכע ער האָט אויפגעשטעלט און האָט מיט זיי אָנגעפירט, אָדער זיינען אָנגעפירט געוואָרן על פי הוראות שלו, בכל מקום ומקום,

אָנהויבנדיק פון ישיבת תומכי תמימים, אַ ישיבה וואו מ'איז עוסק אין לימוד התורה און עבודה התפלה ונתינת הצדקה וגמילות חסדים — די ישיבה וועלכער זיין פאָטער, דער רבי (מהורש"ב) נ"ע, האָט מייסד געווען, און באַשטימט נשיא דורנו — בנו יחידו (און דערנאָך) ממלא מקומו — אַלס מנהל פועל, ופעולתו נמשכת עד היום הזה (וואָרום רועי ישראל לא יעזבו צאן מרעיתם[99]), ובאופן פון מעלין בקודש.

ועד"ז דער* (און די אַלע) וואָס האָט זוכה געווען אַז נשיא דורנו האָט אים געגעבן אַ מינוי אין הנהלת הישיבה, און געגעבן כחות צו מקיים זיין תפקידו, און מ'זעט בפועל די פעולות ותוצאות פון זיין עבודה, באופן פון מראה באצבעו ואומר זה — פון משה שבדורנו געגעבן כחות צו דעם מנהל פועל פון דער ישיבה, אַז די פעולות שלו זאָלן נמשך ווערן אויך איצטער (וויפל ס'איז שייך בנוגע צו אַ נשמה שנסתלקה מן הגוף),

ובפרט אין דעם טאָג ווען כל מעשיו ועבודתו שעבד כל ימי חייו שטייען בגלוי און זיינען „פועל ישועות בקרב הארץ".

יג. בהמשך לכל הנ"ל — יש להציע, ובבקשה אַז מ'זאָל דאָס מפרסם זיין בכל מקום האפשרי:

במשך פון דער קומענדיקער וואָך פון פ' ואתה תצוה (וועלכער ווערט געבענטשט פון דעם שבת פ' תרומה), אָנהויבנדיק פון יום ראשון, ז' אדר, יום ההולדת ויום פטירת משה רבינו, ביז (ועד בכלל) דעם קומענדיקן שבת פ' תצוה — זאָל יעדערער און יעדערע, אנשים נשים וטף, מוסיף זיין (נוסף צו די שיעורים הרגילים שלו) אין די שלשה קוים פון תורה תפלה וצדקה[100] (כנגד זהב כסף ונחושת), וועלכע זיינען אַן עיקר אין דעם „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם".

ובפשטות — אַז מ'זאָל מוסיף זיין אין לימוד התורה, סיי אין כמות (בזמן הלי־

---

98) ראה זח"ג רעג, א. תקו"ז תס"ט. וראה תניא פמ"ד.

99) ראה מכתב כ"ק מו"ח אדמו"ר — אגרות קודש שלו ח"א ע' קמא.

*) ביום ש"ק זה בבוקר נפטר הרה"ג הרה"ח ר' שמרי' גורארי' ז"ל, יו"ר ועד הפועל מרכז הישיבות תומכי תמימים ליובאוויטש, חדב"נ כ"ק אדמו"ר מהוריי"צ נ"ע, וגיסו של — יבלח"ט — כ"ק אדמו"ר שליט"א. הערת המו"ל.

100) וביום השבת — ע"י הכנסת אורחים או צדקה ברוחניות, או ע"י נתינה בכפליים בערב שבת.

מוד, און די ענינים וואָס ער לערנט), סיי אין איכות — בעומק הלימוד, מיט אַ צוגעגעבענעם חיות און קאָך; מוסיף זיין אין נתינת הצדקה בכמות (ובאיכות — סבר פנים יפות); און מוסיף זיין אין עבודת התפלה, בכוונה ובהידור כו'.

וגדול לימוד שמביא לידי מעשה[101], ומצוה גוררת מצוה[102] (בפרט מצות צדקה ששקולה כנגד כל המצוות) — וועט דאָס בודאי אויך ברענגען אַ הוספה אין קיום המצוות בהידור בכלל. כולל, כמובן, אין דער מצוה כללית פון „ואהבת לרעך כמוך"[103], אויך דורך מוסיף זיין אין דער עבודה פון הפצת התורה והיהדות און הפצת המעינות חוצה.

יד. און די הוספה אין די אַלע ענינים (פון מעשינו ועבודתינו[104]) וועט נאָכ־מער צואיילן די גאולה האמיתית וה־שלימה, וקיום היעוד: והקיצו ורננו שוכני עפר[105], ובתוכם — משה רבינו (דער בעל יום ההולדת ויום ההסתל־קות פון ז' אדר), און אתפשטותא דמשה שבכל דור ודור, ביז כ"ק מו"ח אדמו"ר.

און אויך פון די אַלע וואָס האָבן זיך עוסק געווען אין הפצת תורת משה, כולל — הפצת פנימיות התורה. — ואפילו אויב מ'איז נאָך ניט בדרגת „שוכני עפר", זאָל שוין אויך גלייך זיין דער „הקיצו ורננו" פון דעם פירוד הנשמה מהגוף במקצת.

ועאכו"כ פון די וואָס דער פירוד איז געווען מער דערפון,

און זיי וועלן אַלע גלייך אויפשטיין צו תחיית המתים,

און זיין צוזאַמען מיט די אידן וועלכע זיינען איצטער נשמות בגופים לאורך ימים ושנים טובות, וואָס זיי האָבן בבריאות שלימה ובשמחה דעם ונפשי כעפר לכל תהי' — די עבודה רוחנית של „ואל עפר תשוב"[106] (עבודת הבי־טול)[107].

און עס וועט זיין „אך[108] צדיקים [ועמך כולם צדיקים[109]] יודו לשמך ישבו ישרים את פניך", דער גילוי פון בחי' ישר יחזו פנימו[110], פנים בפנים[111], ווי ס'וועט זיין בשלימות לע"ל (ובפרט בכל שבת ובכל ראש חודש ווען מ'וועט דע־מולט עולה לביהמ"ק זיין[112]), ובאופן של התיישבות (ישבו ישרים),

כי יבנה בית המקדש במהרה בימינו, דער ביהמ"ק השלישי, „ושכנתי בתוכם", בתכלית השלימות ובתכלית הגילוי, און דורך דעם — בכל העולם כולו, „אלה תולדות פרץ",

במהרה בימינו ממש ממש.

---

101) קידושין מ, ב.

102) אבות פ"ד מ"ב.

103) קדושים יט, יח. וראה תו"כ שם. שבת לא, א.

104) ראה תניא רפל"ז.

105) ישעי' כו, יט.

106) בראשית ג, יט.

107) ראה סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 227 ואילך.

108) תהלים קמ, יד.

109) ישעי' ס, כא.

110) תהלים יא, ז.

111) ראה לקו"ת ראה כג, ד ואילך. אוה"ת וירא קג, ב ואילך.

112) ישעי' סו, כג. וראה פס"ר פרשת שבת ור"ח.

## משיחות ש"פ תצוה, ערב פורים קטן ה'תשמ"ט

א. התחלת פרשת השבוע[1] היא בה־ציווי דהדלקת המנורה — „ואתה תצוה את בני ישראל ויקחו אליך שמן זית זך כתית למאור להעלות נר תמיד", „באוהל מועד גו' יערוך אותו אהרן ובניו מערב עד בוקר גו'".

וידועים הדיוקים בזה[2], ובפרט בנוגע לביאור הענין דהדלקת המנורה בעבו־דה בנפש האדם[3]:

א) מאחר שהדלקת הנרות היא ע"י אהרן — למה נצטוו „ויקחו אליך שמן גו'", שיביאו השמן אל משה דוקא?

ב) מהו הטעם שבפסוק הראשון, „ויקחו אליך", אל משה, נאמר „להעלות נר תמיד", ובפסוק השני, „יערוך אותו אהרן", נאמר רק „מערב עד בוקר"[4]?

ונקודת הביאור — שאחת מתורצת בחברתה — שהדלקת הנרות ע"י אהרן היא „מערב עד בוקר" בלבד, ובכחו של משה, „ויקחו אליך", נעשית גם ההדלקה שע"י אהרן באופן ד„נר תמיד", כד־לקמן.

ב. ויובן בהקדם ביאור כללות הענין דהדלקת המנורה בעבודה בנפש האדם[5]:

„מנורה" — קאי על כללות (נשמות) ישראל, כמש"נ[6] „מנורת זהב כולה", וה־נשמה בפרט קרוי' נר, „נר ה' נשמת אדם"[7], ויש בזה ז' נרות, מתאים לעבו־דתם את ה' — ז' מדריגות בעבודת ה', עבודה מאהבה או מיראה כו', ועד"ז כל שבע המדות, ועבודתו של אהרן היא להעלות את הנרות, היינו, לעורר אצל נש"י את האהבה לה', שיהי' בהם הרצון והחפץ להכלל בעצמות אוא"ס ב"ה[8], ועי"ז תהי' עבודתם בקיום התומ"צ מתוך שמחה ותענוג, מצד הגילוי שנמשך ע"י קיום התומ"צ.

---

1) כפתגם והוראת רבינו הזקן („היום יום" ב' חשון) שצריכים לחיות עם הזמן, לחיות עם פרשת השבוע (והיום), ובפרט ביום הש"ק, שבו קורין כל הפרשה כולה (וראה גם לקמן (ס"ו) בנוגע לסיום הפרשה — שיעור דיום הש"ק).

2) ראה ג"כ תו"א ריש פרשתנו (פא, א). הוספות לתו"א פרשתנו קיא, ד. אוה"ת ריש פרשתנו (ע' א'תקמא). ועוד. וראה גם ד"ה וקבל היהודים תרפ"ז פ"ג (וראה לקמן סי"א).

3) במשכן ומקדש הרוחני שבכאו"א מישראל, כמ"ש (תרומה כה, ח) „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", בתוך כל אחד ואחד (ראה אלשיך עה"פ. ועוד) — שישנו בשלימותו גם בזמן הגלות, וכמ"ש בהמשך כתובים אלה „חוקת עולם לדורותם".

4) וגם לדעת הרמב"ם שמדליקים הנרות (לא רק בין הערביים, „מערב עד בוקר", אלא) גם בבוקר, כמ"ש בסוף פרשתנו „בבוקר בבוקר בהטיבו את הנרות", וס"ל ש„הדלקת הנרות היא הטבתם" (רמב"ם הל' תמידין ומוספין פ"ג הי"ב. וראה לקו"ש חי"ח ע' 98. וש"נ) — הרי ההדלקה היא „כמדה שיהי' דולק מערב עד בוקר" (שם הי"א), כלומר, הדלקה לחצי מעת־לעת, ואח"כ (בבוקר) חוזר ומדליק לחצי מעת־לעת, ולא באופן ד„נר תמיד" כפשוטו.

5) ראה גם (נוסף על הדרושים דפרשתנו) לקו"ת ר"פ בהעלותך. ובכ"מ.

6) זכרי' ד, ב.

7) משלי כ, כז.

8) ובפרטיות יותר — עריכת הנרות והעלאת הנרות (ראה תו"א שם, ג. אוה"ת ע' א'תקמד), וכן הטבת הנרות (ראה אוה"ת שם ע' א'תקמה. א'תקסב. וראה גם ד"ה ואתה תצוה עטר"ת (סה"מ עטר"ת ע' רמח ואילך). ד"ה זאת תורת הבית תרפ"ט (בסה"מ קונטרסים ח"א) פ"ז).

ובעניין זה ישנם שני אופנים — (א) „מערב עד בוקר", (ב) „נר תמיד":

„מערב עד בוקר" — קאי על עבודה שהיא באופן של שינויים, שישנו מצב של ערב וחושך וישנו מצב של בוקר וגילוי, „וזהו מערב ועד בוקר, כי ברישא חשוכא והדר נהורא[9], שמאיר בנפשו אור ה' מעט מעט מתוך החושך כו'"[10], היינו, שנמצא תחלה במצב של ערב וחושך, וצריך לבוא למצב של בוקר וגילוי — שינוי בתכלית, מן הקצה אל הקצה[11].

ו„נר תמיד" — קאי על עבודה שהיא באופן תמידי, ללא שינויים, היינו, שנמצא תמיד במעמד ומצב של אור וגי־לוי, להיותו דבוק במקורו בתמידות[12].

ג. וזהו החילוק שבין פעולתו של אהרן לפעולתו של משה (בעבודת האדם — בכלל) — תפלה (וכללות המצוות) ותורה:

עניינו של אהרן הוא — עבודה במשכן ומקדש, „בית לה' מוכן להיות מקריבים בו הקרבנות"[13], ודוגמתו בזמן הזה — „תפלות כנגד תמידים תקנום"[14], אשר, עבודת התפלה היא באופן של העלאה מלמטה למעלה, לברר ולזכך את הנה"ב שגם היא תתעורר באהבה לה'[15], ועד"ז כללות המצוות שהם באופן של העלאה מלמטה למעלה, לברר ולזכך ולהעלות הדברים הגשמיים שבהם נעשים המצוות.

ועניינו של משה הוא — תורה, כמ"ש[16] „זכרו תורת משה עבדי", „נקראת על שמו"[17], שהיא באופן של המשכה מלמעלה למטה.

והחילוק שביניהם:

תורה — להיותה דבר ה', חכמתו של הקב"ה, אלא שירדה למטה באופן שה־אדם יוכל ללמדה ולהבינה בשכלו (המשכה מלמעלה למטה), ה"ה למעלה מהגבלות המטה, למעלה מבחי' הזמן, „נר תמיד".

ותפלה — להיותה בקשת האדם, וכן מצוות, מעשה האדם, ונעשים בדברים גשמיים (העלאה מלמטה למעלה), ה"ה בהגבלות המטה, בגדרי הזמן, „מערב עד בוקר"[18].

ועניין זה מתבטא גם בחילוק שבין תפלה (וכללות המצוות) לתורה:

החיוב דתפלה הוא בזמן מסויים — בשחר ובין הערביים (כנגד תמיד של שחר ותמיד של בין הערביים[14]), וכן בלילה[19] (כנגד אברים ופדרים שהול־כים וקרבים בלילה[14]). ויש בה חילוקי דרגות — תפלת שחרית כנגד אברהם,

9) שבת עז, ב.

10) תו"א שם. אוה"ת ע' איתקמה.

11) כולל גם שינויים ועליות בקדושה גופא — שמתעלה ממצבו הקודם למצב אחר לגמרי, ועד לאין־ערוך.

12) כולל גם — שאין זה באופן של רצוא לעלות למעלה, להיותו בבחי' דביקות כו'.

13) רמב"ם ריש הל' ביהב"ח.

14) ברכות כו, ב.

15) ראה בארוכה ד"ה ואתה תצוה הנ"ל (ע' רנג ואילך).

16) מלאכי ג, כב.

17) ראה שמו"ר פ"ל, ד. ושי"נ.

18) „מערב עד בוקר הוא כללות הזמן בי"ב צירופים דלילה וי"ב צירופים דיום" (תו"א הוספות שם).

19) ועד"ז החיוב דק"ש (עניין האהבה) הוא פעמיים בכל יום, שחרית וערבית — בדוגמת הטבת והדלקת הנרות בבוקר ובערב (ראה סה"מ שבהערה 8).

מדת החסד, תפלת מנחה כנגד יצחק, מדת הגבורה, ותפלת ערבית, כנגד יעקב[19], מדת התפארת, שכוללת חסד וגבורה להיותה למעלה משניהם[20].

ועד"ז בכל המצוות שהם במדידה והגבלה[21], כולל גם הגבלת הזמן, כמצות המנורה, מצוות שהזמן גרמא[22] וכו', ועד שריבוי מצוות אינן נוהגות אלא בזמן הבית, ולא בזמן הזה.

אבל התורה היא למעלה מהזמן[23] — שהרי החיוב דלימוד התורה הוא תמידי, ואינו תלוי בזמן, שכן, גם ההלכות שחיובן תלוי בזמן מסויים דוקא, הרי לימודם הוא בכל השנה כולה, ועד"ז בנוגע לכל המצוות שאינן נוהגות אלא בזמן הבית, שלימוד הלכותיהן ופרטיהן צ"ל גם בזמן הזה, ולא עוד, אלא, ש„כל העוסק בתורת עולה כאילו הקריב עולה"[24], וכן בנוגע לבנין הבית, „הגד את בית ישראל את הבית גו' צורת הבית ותכונתו וגו'"[25], ש„בשכר קרייתה שית־עסקו לקרות בה אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקים בבנין הבית"[26].

ד. עפ"ז יש לבאר טעם הציווי „ויקחו אליך גו'", למשה דוקא, אע"פ שהדלקת הנרות היא ע"י אהרן:

כדי שתוכל להיות פעולתו של אהרן באופן של העלאה מלמטה למעלה, יש צורך בהקדמת פעולתו של משה באופן של המשכה מלמעלה למטה (תורה), שזהו מ"ש „ויקחו אליך", למשה דוקא, ועי"ז „יערוך אותו אהרן", „להיות[27] כח לאהרן . . להמשיך אור וגילוי האהבה בנפש האדם ולהיות בה אורה ושמחה של מצוה"[28].

ועוד וג"ז עיקר — שע"י ההקדמה ד„ויקחו אליך", פעולתו של משה („תורה אור"[29]), תהי' גם פעולת אהרן בהדלקת הנרות („נר מצוה"[29]) לא רק „מערב עד בוקר", אלא באופן ד„נר תמיד":

בעשיית המצוות (מצד עצמם) — הרי כל מצוה ומצוה היא עשי' בפ"ע, ומבר־כים עלי' ברכה בפ"ע כו', כלומר, באופן של התחלקות, כולל גם ההתחלקות לזמן, „מערב עד בוקר".

וישנו אופן נעלה יותר — שעשיית המצוות היא כתוצאה מזה שהוא „חי" עם התורה, שזוהי נקודה כללית שלמעלה מהתחלקות, כולל גם למעלה מהתחלקות הזמן, ונקודה כללית זו חודרת בכל פרטי עניניו[30], שעי"ז נעשה

20) ולכן יש בה העילוי ד„רשות" (גם לאחרי ש„קבעוה חובה") שלמעלה מחובה (ראה לקו"ת שה"ש כד, ב. ביאוה"ז (לאדהאמ"צ) יג, סע"ד ואילך. (ולהצ"צ) ע' פה ואילך. ועוד).

21) שהרי „רוב המצוות יש להם שיעור מצומצם כו'" — אגה"ק ס"י (קטו, א).

22) ואפילו המצוות שחיובן תמידי — הם גם בגדרי הזמן, אלא, שזמנם הוא בכל רגע ורגע (ראה לעיל ע' 193 הערה 38). ועצ"ע.

23) ראה לקו"ת במדבר יג, א־ב.

24) מנחות בסופה.

25) יחזקאל מג, יו"ד־יא — הפטרת שבת זו.

26) תנחומא צו יד. וראה לקו"ש חי"ח ע' 414 ואילך. וש"נ.

27) תו"א שם פא, ד. אוה"ת ע' א'תקנ.

28) ומבאר שם שזהו מ"ש בסיום הענין „מאת בני ישראל" — „פי' מאת היינו מבחי' אותיות התורה שמאל"ף ועד תי"ו, דהיינו, ע"י עסק התורה של בנ"י כו'", אשר, „המשכת התורה למטה בישראל הוא ע"י בחי' משה".

29) משלי ו, כג.

30) הן בעניני קדושה, לימוד התורה, וגדול תלמוד שמביא לידי מעשה, קיום המצוות, והן

גם ה„נר מצוה" (שמצ"ע הוא בגדרי הזמן) — „נר תמיד"[31], להיותו חדור בנקודה הכללית ד„תורה אור"[32].

ה. אבל, עדיין צריך להבין מ"ש „נר תמיד" לפני „מערב עד בוקר" — בנוגע לסדר העבודה בפועל[33]:

כיון שהעבודה בפועל היא מן הקל אל הכבד, צריך להתחיל באופן שמאיר „מערב עד בוקר", ואח"כ מתעלה לדרגא כזו שהתורה חודרת בכל מציאותו עד שנעשה בבחינת „נר תמיד"?

ונקודת הביאור — שההקדמה לכללות הציווי דהדלקת הנרות הוא „ואתה תצוה", שזהו ענין נעלה יותר הן מפעולתו של משה בענין ההמשכה (תורה) והן מפעולתו של אהרן בענין ההעלאה (תפלה ומצוות), ומצד בחינה זו ישנו כבר בתחילה הענין ד„נר תמיד".

ויובן בהקדם הדיוק במ"ש „ואתה תצוה" — דלכאורה אינו מובן[34]: מה נשתנה ציווי זה מכל הציוויים שבתורה שבהם נאמר צו את בני ישראל, וכאן נאמר ואתה תצוה את בני ישראל, היינו, שמשה עצמו יצוה? ולאידך — אע"פ שהכתוב מדגיש שמשה עצמו יצוה, מ"מ, לא נזכר שמו של משה (ועד שזוהי הפרשה היחידה בתורה (לאחרי לידת משה) שלא נתפרש שמו[35]), כי אם, „ואתה" סתם?!

והתירוץ על זה — שהיא הנותנת: „ואתה" — מורה על העצם דמשה שלמעלה גם משמו (כמשנת"ל בארוכה[36]), והפירוש „ואתה תצוה" — שה„אתה" דמשה (העצם של משה) מחבר („תצוה" מלשון צוותא וחיבור[37]) את ה„אתה" דבנ"י עם ה„אתה" העיקרי והאמיתי, „אתה" שלמעלה, שעי"ז נעשים ישראל „נר תמיד".

ו. וביאור הענין:

„ואתה תצוה" — מורה על ההתקשרות העצמית דישראל עם הקב"ה מצד עצם מציאותם (של ישראל) שלמעלה מהתורה, כמארז"ל[38] שמחשבתן של ישראל קדמה לכל דבר, אפילו לתורה[39], אשר, ענין זה מתבטא בכח המסירת־נפש שבכאו"א מישראל[40], מצד נקודת

---

בעניני הרשות, „כל מעשיך יהיו לשם שמים" ו„בכל דרכיך דעהו" (נוסף על פשטות הענין — שבנוגע לכל פעולה ופעולה צריך להסתכל בתורה כדי לידע את המעשה אשר יעשה).

31) ראה גם תו"א ואוה"ת שם: „התורה היא אור שהיא מאירה את הנר, שנר מצוה היא כלי לאור התורה, והתורה היא אור וחיות המצוות".

32) ודוגמתו בתורה עצמה — נוסף על הענין הכללי שבה („תורה אור", האור והחיות דכל המצוות, כנ"ל הערה 31) יש בה גם ענין פרטי — א' מג' הקוין, ויתירה מזה — מצות תלמוד תורה, שהיא אחת ממצוות התורה. ובפרטיות יותר — הלכות החג בחג וכו'.

33) ואף שי"ל שהכתוב מקדים שתכלית העבודה שיהי' „נר תמיד" (אף שבפועל צ"ל מן הקל אל הכבד, תחלה „מערב עד בוקר", ואח"כ „נר תמיד"), מ"מ, מסתבר לומר, שהסדר בכתוב מתאים גם לסדר העבודה בפועל ממש, כדלקמן.

34) ראה ד"ה וקבל היהודים הנ"ל פ"ג. ד"ה זאת תורת הבית הנ"ל פ"א.

35) ראה לקו"ש חכ"ו ע' 204. ושנ"נ.

36) ש"פ תרומה (לעיל ע' 257 ואילך).

37) תו"א שם פב, א. אוה"ת ע' א'תקנא.

38) ב"ר פ"א, ד.

39) ועד „שארז"ל שהתורה נק' כלה ומאורשה קהלת יעקב, וישראל הם בחי' חתן המשפיע כו' שהם המשפיעים להיות בחי' אוא"ס בחכמה, והן העוסקים בתורה לשמה, לשם התורה, דהיינו, שיהי' התהוות בחי' תורה" (תו"א שם, ד. אוה"ת ע' א'תקצו).

40) ראה ד"ה ואתה תצוה הנ"ל (ע' רנ): ולכן יש בהם כח המס"נ שלמעלה מהשכל לגמרי, ובתורה לא יש טעם על מס"נ מפני שזהו למעלה מהחכמה כו', ונשי' שרשן ממקור החכ' למעלה מחכ' דתורה.

היהדות שבו, עצם הנשמה, שהיא „חלק אלקה ממעל ממש"[41], „נר ה' נשמת אדם", שהיא באופן ד„נר תמיד", שלא שייך בזה שינוי והפסק ח"ו, כתורת רבינו הזקן הידועה[42] שיהודי אינו רוצה ואינו יכול[43] להיות נפרד ח"ו מאלקות[44].

ועניין זה נרמז גם בתיבת „אתה" — למעלה משם[45]:

שם — הוא תואר נוסף על עצם מציאות האדם, ובפשטות, שעוד לפני שנותנים לו שם ישנו עצם מציאותו, ואז לא נקרא בשם (דבר נוסף על מציאותו), מכיון שאין כאן אלא עצם מציאותו — „אתה".

ואע"פ שהשם מורה על שורש הנשמה, שע"י אותיות השם (שמכוונים ההורים ע"ד נבואה[46]) נמשכת החיות משרש הנשמה לבחי' הנשמה המלובשת בגוף[47] — הרי, גם שרש הנשמה מורה על תואר וציור מסויים, ובמילא, ה"ז ע"ד דבר נוסף על עצם מציאותו — עצם הנשמה ממש שלמעלה משם[48], שלכן נקראת „אתה", שאין כאן תואר וציור כלל, כי אם, עצם מציאותה, חלק[49] מן העצם דעצמותו ומהותו ית', „אתה" שלמעלה (עצמותו ית' שלמעלה משמות ותוארים כו').

ולכן, גם הצוותא וחיבור[50] („תצוה") אינה באופן שמחברים שני דברים, היינו, דבר נוסף[51] על מציאותו (כמו השם), אלא זוהי עצם מציאותו ממש — „אתה"[52], שהמציאות שלו („אתה") היא

---

41) תניא רפ"ב.

42) „היום יום" — כ"א סיון. כ"ה תמוז. ובכ"מ.

43) אלא שאעפ"כ יש צורך בפעולתו של משה רבינו (שעליו נאמר „ואתה תצוה") — „רעיא מהימנא", שהוא רועה ומפרנס את ישראל בענין האמונה, לחזק את האמונה בהוי' במס"נ בפועל בקיום המצוות, שלא תהי' בבחינת מקיף בלבד, אלא תומשך ותאיר בפנימיות כו' (ראה בארוכה ד"ה וקבל היהודים הנ"ל פ"ד ואילך). וראה גם לקמן בשוה"ג להערה 59.

44) וכפס"ד הרמב"ם (הל' גירושין ספ"ב) שרצונו האמיתי — רצון המוחלט כו' — של כל יהודי, הוא „להיות מישראל . . לעשות כל המצוות וכו'".

45) ועניינו במשה — ששמו (ע"ש „מן המים משיתיהו") מורה על שייכותו לתורה, „שנמשך מן ההעלם שלמעלה מן ההשתלשלות מן המים בחי' מקור התורה, שכל התורה היא בחי' כד שנשאב מן הים, הם כ"ד ספרי דאורייתא" (תו"א ואוה"ת שם. ד"ה ואתה תצוה הנ"ל (ע' רמט). ד"ה זאת תורת הבית הנ"ל פ"ט), ואילו „אתה" — מורה על עצמותו של משה שלמעלה גם מבחי' מקור התורה.

וי"ל עד"ז גם בישראל — שהשם „ישראל" מורה על שייכותם לתורה, „ישראל" ר"ת יש ששים ריבוא אותיות לתורה (מגלה עמוקות אופן קפו), ואילו „אתה" — מורה על עצם מציאותם שלמעלה מהתורה, כפי שקדמו לתורה.

46) ראה ש' הגלגולים הקדמה כג. ש' מרז"ל בסופו. עמה"מ ש"א ספ"ד.

47) ראה לקו"ת בהר מא, ב ואילך. ובכ"מ.

48) כולל גם — למעלה מהחמשה שמות שנקראו להנשמה, נרנ"ח חי' (ב"ר פי"ד, ט).

49) ויתירה מזה — אפילו לא תואר של „חלק" מן העצם, כידוע שחלק הוא חלק רביעי, בחי' המלכות כו' (ד"ה ואתה תצוה הנ"ל (ע' רמו). ד"ה זאת תורת הבית הנ"ל פ"ד), כי אם, מה שעל ידה תופסים בהעצם, ולא רק „תפיסא" בהעצם, אלא העצם ממש.

50) לא רק חבירות (צוותא) אלא גם חיבור ממש.

51) ומ"ש „ואתה" (בתוספת וא"ו) — אין הכוונה לדבר נוסף, כי אם, לרמז על ההמשכה (בציור דאות וא"ו) מ„אתה" שלמעלה ל„אתה" דישראל, ועד שבכחם של ישראל (ע"י עבודתם בעניני העולם) לגלות ה„אתה" גם ביש הנברא, שמציאותו האמיתית היא „אמתת המצאו", „ה' אלקים אמת", כידוע ש„אמת דא אות וא"ו", שמורה על ההמשכה מלמעלה מעלה עד למטה מטה (ראה לעיל ע' 260 ואילך. ושי"נ).

52) ועניין זה נעשה ע"י ה„אתה" דמשה — עצם מציאותו, למעלה משם ותואר, כולל גם התואר

המציאות ד"אתה" שלמעלה.

וענין זה נרמז גם בסיום וחותם הפרשה (נעוץ סופן בתחלתן[53]) — "ועשית[54] מזבח מקטר קטורת גו'"[55], ש"קטורת" הוא לשון התקשרות (כמו "תצוה"), "בחד קטירא אתקטרנא"[56], תכלית השלימות באופן ההתקשרות דעצם הנשמה[57] עם הקב"ה, "ישראל וקב"ה כולא חד"[58].

ז. עפ"ז יש לבאר הטעם שהכתוב מתחיל מיד ב"נר תמיד", לפני "מערב עד בוקר":

כאו"א מישראל, מבלי הבט על מעמדו ומצבו בפועל, בגלוי ובחיצוניות — הרי, מצד עצם מציאותו, "אתה", הוא בחיבור והתקשרות ("תצוה") עם מהותו ועצמותו ית'[59].

וענין זה הוא אצל כל ישראל בשוה, מהגדול שבגדולים עד לקטן שבקטנים, האנשים והנשים והטף, שהרי, חילוקי הדרגות שבישראל אינם אלא בבחי' הגילויים, אבל בבחינת העצם, ההתקשרות העצמית של הנשמה באלקות, היא אצל כולם בשוה, גם אצל תינוק שזה-עתה יצא לאויר העולם ועדיין לא ניתן לו שם — כיון שישנו כבר (ואדרבה — רק) עצם מציאותו, למעלה גם משרש הנשמה (כאמור לעיל שהשם קשור עם שרש הנשמה), ועד"ז אצל "תינוק" בידיעות כו', פשוט שבפשוטים, כידוע[60] הפתגם שהפשיטות דאיש פשוט קשורה עם פשיטות העצמות.

ומצד עצם מציאותו של יהודי — "ואתה תצוה" (ע"י משה רבינו[61], כולל גם ניצוץ משה שבכאו"א מישראל[62], כפי שהוא בבחי' "אתה", העצם שלו, שמחבר ומקשר "אתה" דישראל עם "אתה" שלמעלה[63]) — ה"ז באופן ד"נר תמיד", חיבור והתקשרות תמידית, "אתה תצוה . . תמיד" (דכיון שאין זה חיבור של שני

---

ד"ממוצע המחבר" (ראה ד"ה פנים בפנים תרנ"ט) — שמצד עצם מציאותו אין זה באופן של חיבור, דבר נוסף, אלא עצם מציאותו ממש.

53) ספר יצירה פ"א מ"ז.

54) ל, א ואילך.

55) ועפ"ז יומתק הטעם שציווי זה נכתב כאן, ולא בפ' תרומה, יחד עם הציווי על כל כלי המשכן, כקושיית המפרשים (רמב"ן, ספורנו, ועוד. וראה גם לקו"ש חכ"א ע' 179).

56) זח"ג רפח, א. וראה גם תו"א ואוה"ת שבהערה 37.

57) להעיר שסיום וחותם הפרשה ממש הוא בענין "אחת בשנה", יוהכ"פ, שבו מתגלה בחי' אחת שבישראל, בחי' היחידה, "יחידה לייחדך".

58) ראה זח"ג עג, א.

59) ומרומז גם בענין הקטורת שבסיום הפרשה (כנ"ל סוף ס"ו) — שיש בה גם חלבנה כו' (ראה כריתות ו, ב), היינו, שגם אלו שהם בדוגמת "חלבנה"*, הרי, עצם מציאותם היא באופן ד"בחד קטירא אתקטרנא". וענין זה בא בגילוי בהקטורת דיוהכ"פ, "אחת בשנה יכפר" — מצד גילוי בחי' היחידה (כנ"ל הערה 57. וראה גם לקו"ש שבהערה 55).

60) ראה כש"ט הוספות סקנ"ד ואילך. וש"נ.

61) ראה לעיל הערה 43.

62) ראה תניא רפמ"ב.

63) משא"כ בשאר הציוויים שנאמר בהם "וידבר ה' אל משה לאמר צו את בני ישראל", וכיו"ב — שאף שכל מצוה ("צו") הו"ע של צוותא וחיבור, ה"ז החיבור עם מקור התורה (בחינתו של משה, כנ"ל הערה 45), שעל ידה מתחברים עם הקב"ה, ישראל — ע"י אורייתא — וקב"ה כולא חד; ורק ע"י "ואתה", העצם דמשה שלמעלה ממקור התורה, מתגלה החיבור וההתקשרות העצמית דישראל עם הקב"ה שלמעלה מהתורה.

---

*) להעיר מד"ה זאת תורת הבית הנ"ל פ"י שעיקר החידוש בפעולתו של משה רבינו ב"ואתה תצוה" היא — בנוגע להפשוטים ביותר כו'.

דברים, אלא זהו עצם מציאותו, ה"ז באופן תמידי שלא שייך בו הפסק ושינוי כלל).

ולכן נאמר תחילה „נר תמיד" — כי, התחלת ויסוד כל העבודה, היא, „ואתה תצוה", ההתקשרות העצמית דישראל עם הקב"ה, שהיא באופן ד„נר תמיד".

ח. ודוגמתו בעבודה דכל יום — התחלת היום באמירת „מודה אני לפניך":

כשיהודי ניעור משנתו, ונעשה זה עתה „בריה חדשה"[64] (כמו תינוק שזה עתה יצא לאויר העולם) — עדיין לא ניכרים אצלו פרטי הדרגות שבנשמה („נשמה שנתת בי טהורה היא, אתה בראתה כו' ואתה משמרה בקרבי", מאצילות עד עשי'[65]), כי אם, עצם מציאותו — „אני" (כמו „אתה").

ומצד עצם מציאותו ה"ה במעמד ומצב ד„מודה אני לפניך", הודאה וביטול והתקשרות עם הפנימיות דלמעלה („לפניך"), עד לעצמותו ית' („אתה" האמיתי) שלמעלה משמות ותוארים (שהרי באמירת „מודה אני לפניך" אין הזכרת שם[66]).

וכאמור, ענין זה הוא בהתחלת היום, ונעשה היסוד לעבודת כל היום כולו, היינו, שנקודת הביטול וההתקשרות דעצם הנשמה עם העצם דלמעלה נמשכת ומתפשטת על ובכל היום, בבחינת „נר תמיד".

ט. אמנם, כדי שהענין ד„ואתה תצוה" (ההתקשרות העצמית ד„אתה" שבישראל עם „אתה" שלמעלה) יומשך גם בגלוי ובפועל — ה"ז נעשה ע"י התורה:

אע"פ שמחשבתן של ישראל קדמה (אפילו) לתורה (כנ"ל ס"ו), מ"מ, לאחרי שירדו למטה, נעשית ההתקשרות שלהם עם הקב"ה ע"י התורה, שישראל מתקשראן באורייתא ואורייתא בקב"ה[58], ובפרט (סתים ו)פנימיות התורה, שעל ידה נעשית התקשרות ד(סתים ו)פנימיות שבישראל[67] עם ה(סתים ו)פנימיות דקב"ה[68], ועי"ז מתגלית גם התקשרות העצם דישראל עם הקב"ה שלמעלה מהתורה[69].

ולכן, לאחרי ההקדמה ד„ואתה תצוה" (ההתקשרות העצמית דישראל עם הקב"ה), ממשיך בכתוב „ויקחו אליך[70] שמן זית זך כתית למאור" — „שמן" הוא

---

64) שו"ע אדה"ז או"ח רס"ד. רס"ו.

65) ראה לקו"ת בחוקותי מז, א. ר"פ דברים. ובכ"מ.

66) ואף שהסיבה לכך היא מפני שנמצא במצב שאינו יכול להזכיר שם (לפני נט"י), היינו, להיותו במצב של קטנות כו' — הרי, ההתקשרות העצמית דישראל עם הקב"ה היא בשוה אצל כל ישראל בכל מעמד ומצב, ובמילא, גם בהודאה והתקשרות שבאה בנקודה חיצונית (לכאורה), הודאה וביטול שלמטה מהשגה, ישנה הנקודה הפנימית דהתקשרות עצם הנשמה עם העצם שלמעלה (ע"ד האמור שהפשיטות דאיש פשוט קשורה עם פשיטות העצמות).

67) ענינו של מזבח הפנימי (מזבח הקטורת) — עצמיות פנימיות הלב (לקו"ת דרושי סוכות עח, ד. דרמ"צ פו, ב. ועוד).

68) ראה לקו"ת ויקרא ה, ג. נצבים מו, א. ובכ"מ.

69) כמו שענין זה שמחשבתן של ישראל קדמה לתורה נתגלה ע"י התורה.

70) ולהעיר גם מהפירוש הפנימי ב„ויקחו אליך" (סד"ה ואתה תצוה תשי"ד) — שיקחו את עצמם לבחינתו של משה, תורה. ועי"ז — „ויקחו לי תרומה" (תורה מ'), ש„אותי אתם לוקחים" (ראה תניא פמ"ז), „אותי" ממש (למעלה מתורה, בחי' החכמה).

המתחיל — וירד ה' על הר סיני[21] און האט געגעבן תורה ומצוות, צוזאמען מיט דעם כח צו מאכן פון דער גשמיות'דיקער וועלט (א חפצא של) קדושה, און אויספירן תכלית בריאת כל העולמות — צו מאכן א דירה לו יתברך בתחתונים[22].

ביז — די שלימות בזה[23] דורך „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם"[24], אז אידן האבן געמאכט א משכן פארן אויבערשטן, אנהויבנדיק דורך זייער עשי' ומלאכה פון ברענגען נדבות המשכן, פון דברים גשמיים שבעולם („זהב וכסף ונחושת גו'"[25]), אז מ'זאל דערפון מאכן דעם משכן פארן אויבערשטן, ווי דערציילט בפרטיות אין דעם המשך פון ספר שמות[26] (ובפרט — בסיומו) וועגן דעם ציווי אויף עשיית המשכן וכלי המשכן. און דערנאך וועגן דער עשי' בפועל.

ג. דערנאך קומט מען צום סיום והמשך פון ספר שמות — פ' פקודי, וואו עס רעדט זיך בפרט וועגן דעם חשבון און סך־הכל פון דער עבודה פון „ועשו לי מקדש"[27]

— וואס דערביי זעט מען בפשטות ובגלוי ווי דער ענין פון חשבון וסך־הכל בסיום התקופה (ספר שמות) בתורה איז אונטערגעשטראכן אין דעם חלק התורה בסיום ספר זה (כנ"ל סוס"א) —

ווי אנגעוויזן אויך אין דעם נאמען פון דער פרשה (וועלכער דייט אן אויף'ן תוכן כל הפרשה) — „פקודי", ווי רש"י איז דאס מפרש: „בפרשה זו נמנו כל משקלי נדבת המשכן לכסף ולזהב ולנחשת ונמנו כל כליו לכל עבודתו". דאס הייסט: „פקודי" איז לשון מנין וחשבון, און „פקודי המשכן" איז דער חשבון וסך־הכל פון נדבות המשכן וכל כליו לכל עבודתו, ווי אויספירלעך אויסגערעכנט בהמשך הפרשה.

קומט אויס, אז אין פ' פקודי, בסיום ספר שמות — מאכט מען דעם חשבון וסך־הכל פון כללות העבודה וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם ספר (אנהויבנדיק פון „ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה", יצי"מ, מתן תורה, וואס די שלימות פון דעם אלעם איז): „ועשו לי מקדש", בכדי עס זאל זיין „ושכנתי בתוכם", א דירה לו יתברך בתחתונים.

און דערפון האט מען דעם לימוד און הוראה בנוגע צו דער עבודה פון א אידן אין „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", בתוך כל אחד ואחד[28] — אז האלטנדיק בא דעם סיום התקופה בתורה (ווען מ'פארענדיקט ספר שמות), דארף א איד מאכן און אפגעבן „פקודי המשכן" — א חשבון וסך־הכל פון כללות עבודתו אין

21) יתרו יט, כ.

22) תנחומא נשא טז. ועוד. תניא פל"ו. ובכ"מ.

23) כדאיתא במדרש (במדב"ר פי"ג, ב. פי"ב, ו. ובכ"מ) „אימתי שרתה השכינה בארץ ביום שהוקם המשכן", שאז נשלמה המשכת השכינה בארץ שהתחילה במתן תורה, כי במ"ת הי' בעיקר הגילוי מלמעלה, ושלימותה היא כשנעשה ע"י עבודת המטה דוקא — „ועשו לי מקדש גו'" (ראה בארוכה לקו"ש חכ"א ע' 150 ואילך. וש"נ).

24) תרומה כה, ח.

25) שם, ג.

26) בפרשיות תרומה, תצוה, תשא, ויקהל.

27) ויש לומר שיש בזה גם חידוש לגבי העבודה ד„ועשו לי מקדש" בפרשיות שלפנ"ז (לפני החשבון וסך־הכל) — ראה לקמן ס"ו.

28) ראשית חכמה שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו (ד"ה ושני פסוקים). אלשיך עה"פ תרומה כה, ח קרוב לסופו (ד"ה עוד יתכן). של"ה סט, א. רא, א. שכה, ב. שכו, ב.

געבן און אפגעבן (לנדבת המשכן), און מאכן פון אלע זיינע גשמיות'דיקע זאכן א משכן ומקדש פארן אויבערשטן, א דירה לו יתברך — א חשבון צדק ווי און אין וואס פאר אן אופן ער האט זיך אין דעם אויפגעפירט.

און דאס דארף זיין אין אן אופן פון „אלה פקודי"[29], „אלה" לשון גילוי — א קלארן און דייטלעכן חשבון, וועלכן מ'זעט בגלוי און מ'קען אויף דעם אנווייזן באצבעו ואומר (זה, ובלשון רבים —) „אלה פקודי המשכן", פון דעם משכן לה' וואס דער איד האט געמאכט.

ד. ובפרטיות יותר — ווי פארשטאנדיק פון דיוק לשון רש"י, „בפרשה זו נמנו כל משקלי נדבת המשכן לכסף ולזהב ולנחשת ונמנו כל כליו לכל עבודתו":

דער חשבון אין דער עבודה הנ"ל (פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם") דארף זיין פון „כל משקלי נדבת המשכן", פון אלע נדבות וועלכע אידן גיבן אפ צו דעם משכן,

וואס זיי טיילן זיך „לכסף ולזהב ולנחשת": כללות חיי (ועבודת) האדם, אזוי ווי כללות העולם וסדר השתלשלות (כל העולמות), טיילן זיך אויף דריי דרגות: עידית (חלק הכי מובחר) — זהב[30], בינונית — כסף, און זיבורית (חלק התחתון) — נחשת. ובסגנון אחר: ראש, תוך און סוף.

ובעבודת האדם: צדיק בינוני[31] ורשע[32]. ובעולמות: בריאה יצירה ועשי'[33].

ואע"פ אז די דריי באווייזן אויף דריי באזונדערע סוגים צווישן אידן (און אין עולמות), איז אבער פארשטאנדיק אז יעדער סוג (אויך א צדיק) האט אין זיך בפרטיות אויך די דריי דרגות פון „זהב" „כסף" און נחשת" (עידית, בינונית וזיבורית) לויט זיין ערך: מצד זיין עבודה אין וועלט (וואו עס געפינען זיך די אלע דריי דרגות), און אויך אין זיין עבודה פרטית[34]: דער חלק העבודה מיט זיינע כחות נעלים, די עבודה מיט די כחות

29) ולהעיר שכן נקראת הפרשה („אלה פקודי") בסדור הרס"ג (סדר קריאת התורה) וברמב"ם (ב„סדר תפלות" שלו (בסו"ס אהבה) בסופו).

30) ובזה גופא — עידית שבעידית, זהב טהור (שהי' במשכן).

31) ועפ"ז אולי יש לומר הטעם פנימי* שרש"י מקדים כסף לפני זהב — היפך סדרם בהמשך הפרשה (ועד"ז לעיל בהציווי — תרומה כה, ג; ויקהל לה, ה. וכן בההבאה — שם, כב־כד. וראה גם תשא לא, ד. ויקהל לב, לד), והיפך דרגת חשיבותם — כי „מדת הבינוני היא מדת כל אדם ואחרי' כל אדם ימשוך" (תניא רפי"ד). ועצ"ע.

ומה שבתניא מקדים הביאור דדרגת צדיק (ורשע) (בפ"י־יא) לפני דרגת בינוני (בפי"ב ואילך) — יש לומר, כי זה נוגע לשלימות הבנת דרגת הבינוני. ואכ"מ.

32) ראה ברכות ז, ב. וראה תניא פ"א. פ"י ואילך.

33) ראה אוה"ת משפטים (ע' א'קכח ואילך), שהם כנגד צדיק בינוני ורשע.

34) ואפילו כפי שהוא בדרגא הכי נעלית — ביוהכ"פ (אחת בשנה) — ישנם כמה דרגות ביום זה עצמו — חמש תפלות וכו'. ועד"ז בנדו"ד — בחודש אדר, שבו בריא ותקיף מזלי' של ישראל [ובפרט שהוא שנה מעוברת, שנה תמימה, המורה על שלימות ותמימות העבודה, כמדובר כמ"פ במשך השנה] — ישנם דרגות בחודש זה עצמו: ימי הפורים, ושאר ימי החודש וכו'.

*) הטעם ע"פ נגלה — ראה לקו"ש חכ"ו ע' 276 הערה 28.

בינונים, און די עבודה מיט די כחות תחתונים.

און וויבאלד אַז כללות חיי האדם וסדר השתלשלות טיילט זיך אין די דריי סוגים — דעריבער זיינען די כולל די עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", אַז אַ איד זאָל אָפּגעבן (מנדב זיין) פון זיינע „זהב" „כסף" און „נחשת" פאַר דעם משכן לה'. און דערנאָך — מאַכן דעם חשבון וסך־הכל בזה — „נמנו כל משקלי[35] נדבת המשכן לכסף ולזהב ולנחשת".

ה. דערנאָך איז רש"י ממשיך — „ונמנו כל כליו לכל עבודתו":

אין דער עבודה פון „ועשו לי מקדש" — ובהמשך לזה אין דעם חשבון וסך־הכל פון דער עבודה — איז ניט גענוג (מאַכן דעם חשבון נאָר פון) די „נדבת המשכן" פון זהב וכסף ונחשת — די נדבות וואָס ער גיט אָפּ פון זיין רכוש (זיינע כחות און געלט וכיו"ב וועלכע דער אויבערשטער האָט אָפּגעגעבן ברשותו), אָבער אים איז ניט נוגע וואָס מ'טוט מיט די נדבות (ער פאַרלאָזט זיך אַז אַ צווייטער וועט מאַכן דעם חשבון בנוגע לזה),

נאָר עס דאַרף זיין אויך „נמנו כל כליו" — ער דאַרף מאַכן אַ חשבון אויך בנוגע די כלים וואָס מ'מאַכט פון (דעם זהב וכסף ונחשת) פאַר דעם משכן, די „כלים" וואָס ער מאַכט פון זיך אַליין [כמבואר בספרים[36] אַז יעדערער פון די כלי המשכן איז דאָ אין עבודת האדם (דער מזבח — כנגד הלב[37], וכיו"ב)] און פון זיין חלק בעולם — אַלס הייליקע כלים פאַרן מקדש לה' (שבכל אחד ואחד).

און נאָכמער: מ'קען מיינען אַז ס'איז גענוג דער חשבון פון די כלים וואָס מ'מאַכט פון די נדבות (אָבער בנוגע צו אויסנוצן די כלים בפועל — איז אַ באַזונדער חשבון דורך אַן אַנדערן). איז רש"י מוסיף „(כל כליו) לכל עבודתו": נוסף אויף דעם חשבון פון די כלים, דאַרף אויך זיין דער חשבון בנוגע דער עבודה בפועל מיט די כלים (וואָס דעמולט איז דאָ דער „ושכנתי בתוכם"), ווי דערציילט באַרוכה אין דער פרשה (אויך) די עבודות בפועל מיט די כלי המשכן — „ויתן[38] את השולחן גו' ויערוך עליו ערך לחם גו', וישם את המנורה גו' ויעל הנרות גו', וישם את מזבח הזהב גו' ויקטר עליו קטרת וגו'".

ולהוסיף (ע"ד ובלשון החסידות), ע"פ המבואר בלקו"ת פרשתנו[39] — אַז די צוויי ענינים „אלה פקודי המשכן, משכן העדות", גייט אויף רי"ה (והנגלות) און יו"ה (הנסתרות), אויך — מצות עשה ומצות לא תעשה. דאָס הייסט — אַז „כל עבודתו" פון אַ אידן (וואָס זיין נשמה איז כולל אין זיך[40] אַלע אותיות פון שם

---

35) והדיוק ב„משקלי נדבת המשכן" הוא — עצם העשי' (ולא רק הכוונה), ש„משקל" מורה על חומר, וכמות הדבר (ולא (כ"כ) הצורה ואיכות) — ראה לקו"ש חכ"ו ע' 279.

36) ראה בארוכה ס' תורת העולה להרמ"א. וראה בחיי תרומה כה, ט. ובכ"מ.

37) ראה תורת העולה ח"א פכ"ד. עקידה פ' צו. לקו"ת סוכות עח, ריש ע"ד. ועוד.

38) פרשתנו מ, כב ואילך.

39) ד, ג ואילך. ז, א.

40) כמ"ש כי חלק הוי' עמו, שנשמת האדם היא חלק הוי' ב"ה (אגה"ת פ"ד. וראה לקו"ת ר"פ ראה. ובכ"מ).

הוי'[41]) איז כולל די עבודה בבחי' ו"ה — "עסק התורה והמצוות" בפועל, און בבחי' י"ה — בחכמה ובינה[42]. ובכללות — עבודה גשמית (ווי ער איז פון — עובדי ה' בגופם[43]), און עבודה רוחנית (עובדי ה' בנשמתם[43]).

ו. ויש לומר, אז נוסף צו דעם וואס "אלה פקודי המשכן" (בסיום ספר שמות) באדייט דעם חשבון וסך־הכל פון דער עבודה פון "ועשו לי מקדש" (וואס ווערט דערציילט אין די פריערדיקע פרשיות) — קומט דורך דעם צו אויך א חידוש אין דעם עצם עבודה פון "ועשו לי מקדש". וואס דעריבער איז דוקא אין דער פרשה — לאחרי החשבון והסך־הכל — ווערט דערציילט וועגן הקמת המשכן בפועל, דורך וועלכע עס ווערט דורכגעפירט השראת השכינה למטה ("ושכנתי בתוכם"):

בשעת מ'האט נאר דעם ציווי אויף נדבת ועשיית המשכן וכלי המשכן און אויך די עשי' בפועל, און ס'איז נאך ניטא דער חשבון וסך־הכל פון "אלה פקודי המשכן" — זיינען אלע פרטים אין משכן אזוי ווי באזונדערע חלקים, וואס ווערן נאך ניט פאראייניקט אלס איין משכן לה' ("ועשו לי מקדש" לשון יחיד); בשעת אבער "נמנו — אין איין סך־הכל — כל משקלי נדבת המשכן לכסף ול־זהב ולנחשת ונמנו כל כליו לכל עבו־דתו", האט דאס פאראייניקט אלע טיילן און פרטים פון דעם משכן, אז די אלע פרטים זיינען א טייל פון איין משכן להשם.

דער ענין אין עבודה: "פקודי המשכן" (וואס איז מאחד אלע פרטים אין איין מנין) באדייט די עבודה מצד יחידה שב־נפש, וואס איז איין זאך מיט יחיד של־מעלה[44], וואס דורך דעם איז מען מגלה דעם פארבונד פון אלע פרטים און אלע כחות הנפש — זהב כסף ונחשת, און "כל כליו לכל עבודתו" — מיט יחידו של עולם, אזוי אז דאס איז איין משכן אויף וועלכן דער אויבערשטער — ה' אחד — זאגט "ושכנתי בתוכם".

ביז אז מ'טוט אזוי אויך אויף בכל העולם כולו ובכל סדר השתלשלות — וועלכע טיילן זיך אויף די דריי דרגות פון זהב וכסף ונחשת, אז די גאנצע וועלט און גאנץ סדר השתלשלות, בכל הדרגות שבהם (זהב וכסף ונחשת, וכל כליו וכל עבודתו) — מלמעלה מעלה עד אין קץ ביז למטה מטה עד אין תכלית — ווערט פאראייניקט בגלוי (אלה) מיט יחידו של עולם, אזוי אז עס ווערט א דירה (לשון יחיד) לו יתברך.

ולאידך גיסא: בכדי מ'זאל קענען ציילן (פקודי), דארף זיין ניכר די אויס־געטיילטקייט פון יעדער זאך בפ"ע, דוקא דעמולט איז זיי שייך ציילן. דאס הייסט: די אחדות וואס ווערט אויפגע־טאן דורך דעם ציילן (אז אלע זאכן זיי־נען א טייל פון איין סך־הכל), איז ניט מבטל די מציאות הפרטים, נאר אדרבה — דאס נעמט זיי דורך, אז נוסף צו דעם וואס מ'האט איין משכן (וועלכער בא־

41) שבהן כלולות כל העשר ספירות, וכל סדר ההשתלשלות (ראה אגה"ת שם).

42) אגה"ת שם בסוף הפרק.

43) ראה המשך תרס"ו ע' קנו ואילך. סה"מ תש"ח ע' 210 ואילך. ועוד.

44) לקו"ת ראה כה, א. וראה ע"ח שער דרושי אבי"ע פ"א. וראה ברכת ערב יוהכ"פ תשמ"ז בתחלתו. וש"נ.

שטייט פון א ריבוי חלקים), ווערט נמשך א חשיבות וקדושה מיוחדת אין יעדער כלי לעצמו (נוסף צו דער קדושה כללית אלס טייל פון קדושת המשכן בכלל)[45].

דאס הייסט, אז יחידה ויחידו של עולם (איז ניט שולל מציאות הפרטים, נאר) דאס ווערט נמשך און נעמט דורך אלע פרטים ופרטי פרטים, ווי זיי שטייען אין זייער ציור.

און דאס איז אין אן אופן פון „אלה פקודי המשכן", אז דאס ווערט נמשך בגלוי (אע"פ וואס יחידה מצ"ע איז בהעלם), און בגלוי אין אלע פרטים ופרטי פרטים.

ויש לומר, אז דאס (דער גילוי פון יחידו של עולם אין די פרטים) איז אויך נרמז אין דעם ווארט „אלה (פקודי המשכן)": „אלה" איז בגימטריא ל"ו[46], און צוזאמען מיט די דריי אותיות (א' ל' ה') — איז דאס ל"ט[47], און מיט דעם כולל — מ"ם. וואס דאס איז מרמז אויף די „ארבעים מלאכות חסר אחת"[48] האסורות בשבת. וכידוע דער דיוק בזה[49], פארוואס שטייט „ארבעים מלאכות חסר אחת" און ניט „ל"ט מלאכות"? איז איינער פון די ביאורים בזה[50]: עס שטייט ארבעים פעמים מלאכה אין תורה, נאר די מלאכה הארבעים — דער „אחת" — האט מען „מתיר" געווען, בכדי אז א איד זאל דאס משלים זיין דורך זיין עבודה[51].

ובסגנון אחר: די וועלט מצ"ע איז באשאפן געווארן אין אן אופן פון „ארבעים מלאכות חסר אחת" — די מלאכות שבעולם טיילן זיך אויף ל"ט — דארטן איז „חסר" דער גילוי השייכות פון די מלאכות העולם מיט דעם „אחת", יחידו של עולם[52]. און א איד דורך זיין עבודה דארף מגלה זיין אין די ל"ט מלאכות דעם „אחת".

ויש לומר, אז דאס איז אויך דער אויפטו פון „אלה פקודי המשכן", אז דורך מאכן דעם חשבון וסך־הכל (אחת)

---

45) ראה בארוכה לקו"ש חכ"א ע' 252 ואילך, שזהו החידוש דפ' פקודי, שנוסף להציווי כללי של עשיית מקדש בכלל (הכולל ריבוי פרטים), נעשה חשיבות גם בכל פרט ופרט. ועיי"ש שי"ל שזהו ההוספה ברמב"ם (סהמ"צ מ"ע כ), שלאחרי שכתב שכל כלי המשכן הם „מחלקי המקדש והכל יקרא מקדש", מוסיף „וכבר ייחד הציווי בכל חלק וחלק".

46) ראה גם לקו"ת פרשתנו ז, א. אוה"ת שם ע' ב'רלג. ד"ה אורח תרס"ט. וכל העם תרצ"ט.

47) פירוש ר' מיוחס — הובא בתו"ש ויקהל אות ט' בהערות. ולהעיר מירושלמי שבת פ"ז ה"ב שגם שם למדין ל"ט מלאכות מ„אלה" (ודלא כבבבלי (שבת ע, א. וכ"ה בבמדב"ר פכ"ח, כא) שלמדין מ„אלה הדברים").

48) שבת עג, א במשנה.

49) תויו"ט שבת שם.

50) וראה גם אוה"ת ויקהל ע' ב'פט ואילך. ד"ה ארבעים מלאכות תר"ל (ס"ע רמה ואילך. ע' רנד). סד"ה וביום השבת עת"ר.

51) וע"ד הביאור במאחז"ל (ר"ה כא, ב. וש"נ) „נ' שערי בינה נבראו בעולם וכולן ניתנו למשה חסר אחד", שע"י עבודת משה השלים ה„אחד" (ראה ד"ה חמשים שער בינה תרנ"ג).

52) וזה ש„אלה" (גם דפ' ויקהל) עם הכולל בגימטריא ארבעים (כנ"ל בפנים) — אף שהמלאכות בעולם הם רק ל"ט — יש לומר, כי הכוונה דבריאת העולם היא שישראל ימשיכו בו ה„אחד". ולכן כשמצטרפים ל„אלה" (ל"ט המלאכות דעולם) את ה„כולל", הכוונה והתכלית שלהם, היא בגימטריא ארבעים. אלא שבתחלה, הכוונה והתכלית דהעולם היא בהעלם, והגימטריא של האותיות ד„אלה" (הפרטים שבעולם) הוא ל"ט. ובכדי שבהפרטים דעולם (התחלקות ופירוד) יהי' בגילוי ה„אחד", הכוונה והתכלית שלהם, הוא ע"י העבודה ד„אלה פקודי המשכן".

פון כל נדבת המשכן בזהב וכסף ונחשת (עניני העולם) וכו' אַלס אַ משכן אחד פאַר ה' אחד — טוט מען אויף דעם גילוי פון „אחת" אין די ל"ט מלאכות שבעולם (וועלכע מ'לערנט אָפּ פון די ל"ט מלאכות אין משכן[53]), אַזוי אַז עס ווערט „אלה" (עם הכולל) בגימטריא ארבעים.

וכל זה — בכחו של משה — „אשר פוקד על פי משה", ועד"ז בעבודת באו"א — דורך דער משה שבקרבו[54], וואָס איז מושל ושולט און פועל'ט אויף אים ביז — אין זיין עבודה בפועל.

ז. ועפ"ז איז אויך מובן די הוספה פון און אין „אלה פקודי המשכן" (בסיום ספר שמות) לגבי אַלע פרשיות בספר זה שלפנ"ז, אָנהויבנדיק פון התחלת הספר — „ואלה שמות בנ"י הבאים מצרימה"*:

עולם מצ"ע איז אין אַן אופן פון „מצרימה", מיצר וגבול, וואָס איז „חסר אחת"[55]. דוקא דורך דער עבודה פון אידן בספר שמות בכלל, ובפרט לאחרי מ"ת ביז זייער עבודה בעשיית המשכן, ביז שלימותה — „אלה פקודי המשכן" (ווען מ'פאַראייניציקט אַלע פרטים אין משכן, כנ"ל), זיינען זיי משלים דעם פאַרבונד פון די עניני העולם מיט יחידו של עולם.

ח. דערמיט איז אויך מובן, אַז לאחרי וואָס ס'איז דאָ דער „אלה פקודי המשכן" (די התאחדות פון כל נדבת המשכן וכל כליו לכל עבודתו) — קען דערנאָך זיין הקמת המשכן בפועל, כהמשך הפרשה[56]: „ויהי בחודש הרא־שון באחד לחודש הוקם המשכן".

ובעבודה רוחנית: חודש ניסן בכלל איז פאַרבונדן מיט „ניסי ניסים"[57] — אַ גילוי שלמעלה ממדידה והגבלה (ובספי־רות — בחי' הכתר), די דרגא פון דער „אחת" (מלאכה הארבעים)[58]. ובחודש ניסן עצמו — „באחד לחודש", וואָס אותו יום נטל עשר עטרות[59] — אין בחי' כתר (עטרה) עצמו[60] — עשר עטרות.

ביז — כהמשך וסיום הפרשה[61] — „ויכס הענן את אוהל מועד וכבוד ה' מלא את המשכן" [כולל, בעבודה —

---

53) וראה לקו"ש ח"א ע' 193, שלימוד הל"ט מלאכות בעולם שרשם הוא מל"ט מלאכות שבמשכן, כדי ליתן כח להמשיך קדושת הל"ט מלאכות שבמשכן לה' בל"ט מלאכות שבעולם — ע"י גילוי יחידו של עולם (אחת) בל"ט מלאכות שמצ"ע מחולקות הן. וראה גם לעיל ע' 293 ואילך.

ולהעיר מהטעם שמלאכת ההוצאה היא הנקודה ועיקר של כל הל"ט מלאכות — כי תוכן כל המלאכות היא — לגלות שכל העולם רשות אחת היא, ליחידו של עולם (ראה תו"א צט, ד. לקו"ת תזריע כא, ג. וראה לקו"ש חי"א ע' 68 ואילך).

54) תניא פמ"ב, ע"פ ברכות לג, ב.

55) ולהעיר שגם התחלת הספר היא בתיבת „ואלה" („אלה" בתוספות וא"ו), היינו שבתחלת העבודה ניכר בגילוי ל"ט — אלה", דה„אחת" היא עדיין בהעלם, ונתגלה ע"י „אלה פקודי המשכן".

*) אלא שאעפ"כ, גם בהתחלת הספר (מכיון שענינו הוא עבודת הבנים, הכנה למ"ת ולמשכן, ראה לעיל הערה 13) — הוא למעלה מהעולם כמו שהוא מצד עצמו. ולכן התחלתו הוא „ואלה" — אלה בתוספות וא"ו.

56) מ, יז.

57) ראה ברכות נז, רע"א ובחדא"ג מהרש"א.

58) שהוא ע"ד גילוי שער הנו"ן (ראה לעיל הערה 51) — שקאי על ספירת הכתר.

59) שבת פז, ב. תו"כ ר"פ שמיני. פרש"י שם. נשא ז, יב (מסדר עולם רבא — פ"ז).

60) ראה סה"ש תשמ"ח (קה"ת, תשמ"ט) ח"א ע' 336. ושי"נ.

61) מ, לד.

„מלא את המשכן" (ושכנתי בתוכם) בתוך של כאו"א], וואס דאס איז א גילוי פון „בחי' הכתר כמו שהוא במהותו ועצמותו"[62], און דערפאר „ולא[63] יכול משה לבוא אל אוהל מועד כי שכן עליו הענן גו'".

ט. בשעת מ'דערגרייכט דעם סיום הספר — לאחרי וואס מ'האט שוין געטאן די עבודה פון כל ספר שמות, ביז דעם סיום שבזה — „אלה פקודי המשכן", דער חשבון וסך־הכל, פון דער גאנצער עבודה (אזוי ווי מ'טוט עס בא דעם סיום פון יעדער תקופה אין לעבן, כנ"ל ס"א), און אויך הקמת המשכן בפועל — קען מען מיינען, אז דערמיט האט מען שוין פארענדיקט, און איצטער קען מען זיך „אפרוען".

אויף דעם האט מען דעם לימוד פון דעם לעצטן פסוק ופרש"י בסיום הפרשה והספר — אז דער סיום וסך־הכל דארף ארויסרופן נאך א העכערע עלי', א נייער שלב אין זיין עבודה [אזוי ווי יעדער סיום אין תורה און קדושה, איז ניט נאר א סוף פון דער פריערדיקער מדריגה, נאר דאס איז אויך א הכנה, וועלכע ברענגט צו א העכערע נייע מדריגה[64]]:

בסיום הפרשה (לאחרי וואס די תורה דערציילט אז „לא יכול משה לבוא אל אוה"מ כי שכן עליו הענן גו'") שטייט[65]: „ובהעלות הענן מעל המשכן יסעו בני ישראל בכל מסעיהם גו', כי ענן ה' על המשכן יומם גו' לעיני כל ישראל בכל מסעיהם".

דארף מען פארשטיין[66]: וואס איז די שייכות צווישן דעם סדר המסעות (אז דוקא „בהעלות הענן גו' יסעו גו'") מיטן תוכן הפרשה דא, וואו עס רעדט זיך גאר וועגן דער השראת השכינה אין משכן[67]?

וועט מען דאס פארשטיין לויט דברי רש"י בסיום הפרשה: „בכל מסע שהיו נוסעים הי' הענן שוכן במקום אשר יחנו שם, מקום חנייתן אף הוא קרוי מסע כו', לפי שממקום החני' חזרו ונסעו לכך נקראו כולן מסעות".

די תורה איז מוסיף וועגן דעם ענין המסעות (לאחרי וואס עס רעדט זיך וועגן השראת השכינה במשכן) בכדי לערנען, אז אפילו בחנייתן, און א חני' ע"פ תורה, ביז אז „כמאן דקביע להו דמי"[68], און נאכמער — „הי' הענן שוכן במקום אשר יחנו שם" (ביז בחי' הכתר במהותו ועצמותו) — וואלט לכאורה געקענט זיין א קס"ד, אז מ'קען דערביי בלייבן רוען און שטיין, ווארום מ'האט דערגרייכט תכלית השלימות; לערנט תורה, אז (אויך בשעת החני' זאל מען וויסן אז) דערנאך וועט זיין „ובהעלות הענן גו' יסעו גו'", עס דארף ווייטער זיין א נסיעה ועלי' צו נאך א העכערע מדריגה.

און נאכמער: עד כדי כך פאדערט זיך דער ענין הנסיעה, אז אויך „מקום חנייתן אף הוא קרוי מסע, לפי שממקום

62) לקו"ת ויקרא א, ב.
63) פרשתנו שם, לה.
64) ולכן בסיום תושב"כ (בשמח"ת) „מתכיפין התחלה להשלמה". וכן נוהגים בסיום הש"ס וכיו"ב. וכנוסח סיום הש"ס — „הדרן עלך כו'".
65) מ, לו ואילך.
66) ראה גם לקו"ש חט"ז ע' 457 ואילך.
67) ענין זה שייך לכאורה בפ' בהעלותך ששם מסופר בארוכה אודות סדר המסעות.
68) עירובין נה, ב.

החני' חזרו ונסעו לכך נקראו כולן מסעות": אויך בשעת די חני' עצמה — און בכל החניות („כולן") — א חני' קטנה אדער א חני' גדולה, אפילו די חני' אחרונה מעבר לירדן, מיט וועלכע עס האט זיך געענדיקט די מסעות אין מדבר, און איצטער באַזעצט מען זיך שוין אין ארץ ישראל, ארץ נושבת[69] — דאַרף א אידן פילן „שממקום החני' חזרו ונסעו", ביז אַז די חני' עצמה „קרוי מסע", ווייל זי (איז ניט נאָר אַן אפרו, א סוף, נאָר) זי באַקומט דעם אינהאַלט פון א נסיעה (צו גיין העכער).

און דער טעם אויף דעם איז — וואָרום דאָס איז „חנייתן", א חני' פון א אידן — וואָס ביי א איד מאָנט זיך אַז ער זאָל שטענדיק זיין א מהלך, מחיל אל חיל, ביז — בהליכה אמיתית וועלכע איז שלא בערך[70].

דערפון איז אויך דער לימוד בחיי יום יום פון א אידן: אפילו בשעת א איד רוט זיך אָפּ — און ע"פ תורה דאַרף זיך א איד מזמן לזמן אָפּרוען[71] — דאַרף ער בשעת מעשה וויסן און פילן אַז דערפון דאַרף זיין „חזרו ונסעו", נאָך העכער, ביז אַז אין דער חני' עצמה איז נרגש אַז דאָס איז א (חלק פון דער) נסיעה[72].

י. דערפון איז אויך פאַרשטאַנדיק בנוגע צו דער עבודה בסיום ספר שמות:

לאחרי וואָס מ'האָט פאַרענדיקט די עבודה פון עשיית והקמת המשכן, כולל דעם חשבון וסך־הכל („אלה פקודי המשכן") וואָס קומט בסיום תקופה זו, און ס'איז שוין אויך געוואָרן „כבוד ה' מלא את המשכן" — קומט גלייך דער לימוד, אַז צוזאַמען דערמיט דאַרף מען דערביי ניט בלייבן רוען (חני'), נאָר עס דאַרף גלייך זיין א מסע צו נאָך א העכערן, נייעם שלב ומדריגה — א נייער ספר אין תורה (ספר ויקרא). און נאָכמער: דער ענן ה' אליין איז „מכריח" און שטופּט אידן צו גיין העכער — „ובה־העלות הענן גו' יסעו".

ווי ס'איז געווען אין דעם המשך המאורעות גופא: צוליב דעם וואָס „כבוד ה' מלא את המשכן" איז „לא יכול משה לבוא אל אוהל מועד כי שכן עליו הענן", וואָרום „שכן עליו הענן" איז „המשכת והשראת אור א"ס ממקום עליון ונורא מאד שנאמר בו ישת[73] חשך סתרו כו' שלא שייך בו שום גילוי השגה כו'"[74]:

דערנאָך — אין התחלת ספר ויקרא — איז געווען אַן עלי' צו נאָך א העכערער מדריגה, אַז דורך „ויקרא אל משה" — האָט די קריאה אויפגעטאָן אַז ער זאָל (קענען) אריינגיין אין אוהל

---

69) בשלח טז, לה.

70) ראה תו"א ס"פ וישב. אוה"ת שם (תתקיג, א ואילך). המשך תרס"ו ע' תצז. ובכ"מ.

71) וכנראה בפועל בטבע בני אדם, שצריכים לנוח בכל יום (ובפרט לאחרי יגיעה גדולה).

ובפרט ע"י השינה — דבר המוכרח ע"פ טבע (עכ"פ בתוך שלשה ימים — ראה שבועות כה, א. רמב"ם הל' שבועות פ"ה ה"כ). וראה רמב"ם הל' דיעות (פ"ד ה"ד), ש„די לו לאדם לישן כו' שמונה שעות".

72) להעיר מסיפור ופתגם הרב המגיד: אין דער היים איז גאָר אַנדערש, ולכן הנהגתו ואופן דירתו בעוה"ז היתה באופן עראי, כמו באמצע הדרך (לקו"ד ח"ב ריד, א. עיי"ש). וראה אוה"ת וישלח רכט, ב (ועד"ז שם וישב רסז, א) מכד הקמח ערך גר: וכשם שגולה מעירו לעיר אחרת יקרא גר כן מצינו שהצדיקים נקראים גרים, לפי שאין מחשבין העוה"ז לכלום ואין דירתן אלא עראי.

73) תהלים יח, יב.

74) לקו"ת ר"פ ויקרא (א, א).

מועד[75], און מקבל זיין דעם גילוי אויך פון בחי' ישת חושך סתרו, פון ספירת הכתר, וואָס אויף דעם איז מרמז דער אל"ף פון ויקרא (אל"ף אותיות פלא[76] — בחי' כתר)[77], עכ"פ ווי דאָס שטייט אין „אל"ף זעירא"[78].

ויש לומר, אַז דאָס ווערט דערנאָך אַ כלי צו מקבל זיין אויך פון כתר במהותו ועצמותו[79].

און די כלי לזה איז דורך דעם וואָס בּאַ משה'ן איז צוגעקומען (לאחרי השלימות שלו של הקמת המשכן) דער תכלית הביטול (אַז „לא יכול לבוא"), בבחי' אל"ף זעירא, ביי אים איז געווען אַ „לב נשבר ונדכה" און ער איז „צוגע־קומען צו דער העכסטער דרגא פון ענוה (דערפאַר) שטייט ויקרא מיט אַן אל"ף זעירא"[80]. און דעריבער איז דאָס — דער „דכא ושפל רוח" — געווען די כלי אויף „מרום וקדוש אשכון"[81] — עצם הכתר[82], מרחב העצמי[83], וואָס איז אויך ווי אַ נקודה (זעירא), למעלה מגילוי והתפשטות[84].

יא. דערפון איז אויך דער לימוד בנוגע צו יעדער אידן — וואָרום „התורה היא נצחית ושייך בחינות אלו גם עכשיו"[85], ובפרט מצד „בחי'[86] את־פשטותא דמשה בכל דרא (שהיא) בחי' הביטול שיש בכל אדם שהוא מבחי' משה" — אַז דורך עסק בלימוד התורה — „ממשיך[87] מבחי' המקיף דישת חשך סתרו שהוא חשך והעלם להיות נמשך בבחי' אור וגילוי, ועי"ז נאמר[88] ותורה אור, להיות אור א"ס שורה למטה כמו למעלה כו', שמעצמיות המקיף מאיר הארה גדולה ועצומה בבחי' פנימית כו'".

ובפשטות: יעדער איד (דורך דעם משה שבקרבו) בכל זמן ובכל מקום, אויך בזמן הגלות[89], האָט בכח אַז צו אים

---

75) תנחומא ר"פ ויקרא (א' וח'). זהר שם (ג, ב). תנחומא בהעלותך ו. ועוד. וראה לקו"ת שם פ"ב (א, ב).

76) ראה תקו"ז ת"ע (קלה, א).

77) ראה בהנסמן במ"מ ללקו"ת שם.

78) הארת כתר כמו שנמשך למטה על ידי צמצום — לקו"ת שם, סע"ב.

79) שהרי אל"ף זעירא („שהוא בחי' אלף ופלא ממש כמו האלף רברבא כו' והוא בחי' יחיד ממש אלא שצמצם שכינתו כו'" — אוה"ת ויקרא ע' ריח ואילך) „הוא הארה והמשכה שמבחי' כי שכן עליו הענן דישת חושך סתרו" (לקו"ת שם ספ"ג — א, ד). וראה לקו"ת שם (סע"ב), ש„נמשך לו הארה שעל ידי זה יוכל אחר כך לבוא אל אוהל מועד אשר שכן עליו הענן" — והרי (בפש"מ) ענן זה הוא אותו הענן שלא יכול לבוא אליו קודם הקריאה.

80) תורת אדה"ז — נדפסה בס' השיחות ה'ש"ת ע' 68. הובא ונתבאר בלקו"ש חי"ז ע' 1 ואילך.

81) ישעי' נז, טו.

82) עד הדרגא העליונה שבשער הנו"ן, פנימיות הכתר (ראה אוה"ת שם ע' ריז), שלמעלה מהדרגא בשער הנו"ן ששייך למ"ט שערים (ראה לקו"ת במדבר יב, א ואילך). ואף שנתבאר לעיל, שע"י „אלה פקודי" מגלים בחי' „אחת" (שחסר מהבריאה), היינו שער הנו"ן — הרי מובן שגם בהדרגא עליונה בשער הנו"ן עצמה ישנם כו"כ מדריגות.

83) ראה גם לעיל ע' 310 ואילך (וראה גם לקמן ע' 403).

84) ע"ד הענין ד„מטבע של אש", צדקה בטהרתה, שהיא למעלה מכל גדר ציור כו' — כמשנ"ת לעיל ע' 286 ואילך.

85) לקו"ת שם רפ"ד (א, ד).

86) שם (ב, א).

87) שם (א, ד ואילך).

88) משלי ו, כג.

89) ואדרבה: בזמן חושך הגלות (ובפרט בעקבתא דמשיחא) נותנים מלמעלה כחות נפלאים, כדי לעמוד נגד הגזירות כו' שבגלות. ובפרט בדורות האחרונים שכבר נגמרו לגמרי כל הגזירות

זאָלן נתגלה ווערן די העכסטע גילויים. ואין הדבר תלוי אלא ברצונו — צו אראָפּנעמען דעם הסתר פון דעם נה"ב[90], דורך צוגעבן אין זיין עבודה בתורה ומצוות — איז דער אויבער־שטער צו אים מגלה די העכסטע עני־נים [און ס'איז ברור אַז בכל מסיבה פון אַ ריבוי אידן — זיינען פאַראַן כמה וכמה וועלכע האָבן גילויים הכי נעלים], און אפילו אויב מ'פילט דאָס ניט[91] — איז דאָס ניט משנה די מציאות[92], ביז אַז דאָס פועל'ט אויף אים אויך בגשמיות.

— דער אויבערשטער זאָל העלפן, אַז באַ יעדער איד זאָל נתגלה ווערן די גרעסטע גילויים, ביז אין זיין חכמה בינה ודעת, און אין זיינע מדות, ביז אין מחשבה דיבור ומעשה, און מ'זאָל זוכה זיין דאָס אויך פילן — אפילו אויב מ'פאַרשטייט עס ניט, כידוע אַז לפעמים פילט מען אַז מ'ווערט אויפגעהויבן צו אַ הויכע מדריגה און מ'פאַרשטייט ניט ווי מ'איז „געקומען" אַהינצו לאחרי וואָס מ'האָט דערצו ניט געהאַט הכנות — אַ גילוי ואתעדל"ע מבחי' מקיף דמקיף (שלמעלה אפילו מאתדעל"ע הבאה ע"י אתעדל"ת), מעין, אַדער עכ"פ ע"ד דער גילוי פון „ויקרא אל משה"[93].

יב. לאידך גיסא דאַרף מען באַוואָר־ענען, אַז לאחרי וואָס מ'באַקומט אין דעם ספר חדש בתורה (ספר ויקרא) אַזאַ גילוי נעלה פון „ויקרא אל משה" וואָס ערמעגלעכט אַז מ'זאָל קענען אַריינגיין אין אוהל מועד הערן דבר ה' (די נסיעה וואָס לאחרי החנ', ביז אַז דער מקום החני' קרוי מסע) — קען מען זיך „פאַר־לירן" מתוך התפעלות והתלהבות, און מיינען אַז ס'איז גענוג מ'זאָל נתגלה ווערן אַלץ העכער, און דערביי ניט האָבן קיין חני'.

אויף דעם האָט מען דעם לימוד פון פרש"י אויף „ויקרא אל משה", אַז עס זיינען געווען הפסקות. „ומה היו הפסקות משמשות, ליתן ריוח למשה להתבונן בין פרשה לפרשה ובין ענין לענין [און רש"י איז מוסיף אַ לימוד דערפון לכאו"א!], ק"ו להדיוט הלומד מן ההדיוט":

אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן משה רבינו, ווי ער הערט און לערנט תורה פון דעם אויבערשטן, און נאָך אין אַ דרגא פון אוהל מועד (גילוי מבחי' ישת חשך סתרו) — מאַכט דער אויבער־שטער ניט קיין נס, אַז משה זאָל קענען אַלץ קולט זיין אָן קיין הפסקה, נאָר ער מאַכט הפסקות אין דעם דיבור [און אַזוי ווערט עס באופן נצחי], כדי „ליתן ריוח למשה להתבונן בין פרשה לפרשה", ער זאָל ניט אויסגיין פון התפעלות, און אויך ניט מיינען אַז ער דאַרף דאָס ניט פאַרשטיין בהבנתו והשגתו (און דער

„ולא יהי' עוד" — שערי תשובה (לאדהאמ"צ) ח"א ה, ב), וישנם רק הכחות נעלים והעליות (שבאו ע"י הירידות).

90) וראה לקו"ת שם (ב, א).

91) וע"ד כמה סיפורי מחז"ל — שהיו כו"כ שנתגלה אליהם אליהו ולא ידעו מזה (עד לאחר זמן).

92) וע"ד המשל הידוע מהחכמים היושבים בעגלה, דאָך שהסוס טראַכט האָבער, ובעל עגלה טראַכט ע"ד פרנסתו ופרנסת ב"ב — אין זה משנה אמיתית ההבנה והענין שבדברי החכמים היושבים בתוך העגלה (ראה שיחת ליל ש"ק פ' תשא תרפ"ח (נדפסה בהוספות לסה"מ תרפ"ח ס"ע רג ואילך). וראה שיחת ש"פ וארא תשמ"א. ועוד).

93) ראה אוה"ת ויקרא שם. ד"ה ויקרא תרע"ח. תש"ה.

עיקר איז נאָר דער גילוי פון דבר ה'), נאָר ער דאַרף זיך זעצן בהתיישבות להתבונן אין דעם וואָס דער אויבערשטער האָט געזאָגט כדי ער זאָל דאָס פאַרשטיין און דאָס זאָל זיך ביי אים אָפּלייגן און נקלט ווערן אין זיין שכל. ביז אַז תורה נקראת על שמו[94]. און ערשט דערנאָך — קומט נאָך אַ דיבור.

„ק"ו להדיוט הלומד מן ההדיוט": אַמאָל צוליב דער געשמאַק און די קדושה פון אַ פירוש נפלא אין תורה, קען מען מצד רוב התפעלות נתבלבל ווערן און ניט משים לב זיין (כדבעי) צו געהעריק פאַרשטיין דעם ענין.

ועי"ד דער פתגם וואָס מ'דערציילט בשם חסיד, אַ משכיל אין חסידות, וואָס אַמאָל לערנענדיק אַ מאמר חסידות, האָט ער מרוב ההתפעלות אַ געשריי געטאָן (בלי שום קשר צו דעם לימוד לפניו ולאחריו): **הייליקע ווערטער. ניט פאַרשטאַנדיק!...**

דאַרף מען וויסן, אַז דאָס זיינען הייליקע ווערטער, אָבער צוזאַמען דערמיט — נאָכדעם וואָס מ'האָט דאָס געגעבן אַ אידן (בכלל כל התורה של הקב"ה — וואָס איז מצ"ע ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים[95] — אָבער „נתן לנו את תורתו"), וועלכער איז אויך באַשאַפן געוואָרן מיט אַ שכל — האָט ער בכח[96] און האָט דעם חיוב (בפרט בנוגע צו תושבע"פ[97]) צו זיך אָפּשטעלן (ניתן ריוח) און צו האָרעווען און פאַרשטיין מיט זיין שכל די (הייליקע) ווערטער וואָס ער לערנט. ובפרט ווי חב"ד מאָנט — אַז מ'זאָל פאַרשטיין אַ זאַך בחכמה בינה ודעת.

ומובן, אַז דערביי איז ניט גענוג ער זאָל אָפּלערנען דעם ענין, און דערנאָך זאָגן אַ קאַפּיטל תהלים אַז דאָס זאָל נקלט ווערן ביי אים, נאָר דער עיקר דאַרף זיין — די יגיעה בפועל, און דעמולט האָט מען די הבטחה[98]: יגעתי ומצאתי[99].

און די הוראה איז בהדגשה בנוגע צו מחנכים ומלמדים: מ'זאָל ניט יוצא זיין מיט אָפּלערנען אַ ענין מיט דעם תלמיד, און זיך פאַרלאָזן אַז דער אויבערשטער וועט ממלא זיין משאלות לבבו און ער וועט עס אַליין דורכהאָרעווען און פאַרשטיין, נאָר מ'דאַרף לייגן ספּעציעלע אַכט צו לערנען מיט דעם תלמיד אין דעם בעסטן אופן ביז אַז ער זאָל דאָס קענען פאַרשטיין בשכלו הוא, דורך לערנען אין אַן אופן פון „ליתן ריוח להתבונן בין פרשה לפרשה ובין ענין לענין" — אַ לימוד אין אַן אופן פון „ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם", „כשולחן הערוך ומוכן לאכול"[100] (אַזוי אַז דאָס ווערט דם ובשר כבשרו[101] ברוחניות, ביז — בגשמיות[102]).

94) ראה (בנוגע למשה) מדרש תהלים א, ב. מכילתא בשלח טו, א. שמו"ר פ"ל, ד. וראה (בנוגע לכל ישראל) ע"ז יט, א. קידושין לב, סע"א.

95) איוב יא, ט.

96) והלימוד בזה הוא בהדגשה בריש ספר ויקרא (שבו נאמר ע"ד ההפסקות ליתן ריוח להתבונן) — שנקרא „ארי", „שהוא חמור שבספרים" (תוד"ה סיפרא — ברכות יח, ב), ומ"מ בכחו להבין ולהשיג זה בשכלו, ע"י ההפסקות כו'.

97) ראה הל' ת"ת לאדה"ז ספ"ב.

98) מגילה ו, ב.

99) ועי"י יגיעה זו — אפשר להגיע להשגה שלא בערך ליגיעתו (ע"ד המציאה בערך להיגיעה להגבי' אותה).

100) ר"פ משפטים ובפרש"י.

101) ראה תניא פ"ה.

102) כידוע (והובא במאמרי חסידות) מחכמת הרפואה, שע"י העסק ויגיעה במושכלות בהבנה

יג. דער סיכום מכל הנ"ל בנוגע לפועל:

שטייענדיק אין דעם שבת ווען מ'איז מסיים (בציבור ובברכה לפני' ולאחרי' ובאמירת אמן) א ספר בתורה (שמות), און מ'הויבט אן לייענען (בתפלת מנחה) א נייעם ספר (ויקרא) — איז א פאסיקע צייט פאר יעדערן (סיי דער וואס איז בדרגת זהב, אדער כסף אדער נחשת[103]) צו זיך אריינטראכטן און מאכן א חשבון צדק און סך־הכל פון זיין עבודה במשך דער פארגאנגענער תקופה, ובכללות — די עבודה פון „ועשו לי מקדש ושכנתי בתוכם", מאכן פון אלע טיילן פון זיין לעבן א משכן להשם, וואו דער אויבערשטער רוט.

און ניט נאר א חשבון בנוגע צו זיינע נדבות לצדקה פאר גוטע זאכן, נאר אויך בנוגע די כלים וואס ער מאכט פון זיין אייגענעם לעבן פאר דעם משכן לה', און נאכמער — אויך די עבודה בפועל מיט די כלים, כנ"ל בארוכה.

און ער שטעלט זיך דערביי ניט אפ, נאר ער מאכט שוין די הכנות, און דער־נאך איז ער נתעלה בפועל, צו שטייגן העכער און העכער אין זיין עבודת ה' פון „ועשו לי מקדש", ביז אז ער „גייט אריין" בפנימיות אין דעם אוהל מועד (בכח האתעדל"ע של ויקרא אל משה) — דורך זיין עסק בלימוד תורת ה'.

וביחד עם זה — איז ער מפסיק[104] בין פרשה לפרשה, ליתן ריוח להתבונן און פארשטיין מיט זיין שכל וואס ער לערנט, אזוי אז ער איז קולט בפנימיות די גילויים[105].

וכשם ווי דער „אלה פקודי המשכן" דארף זיין בנוגע צו די אייגענע עבודה, אזוי דארף מען אויך משתדל זיין זיך אז אנדערע זאלן מאכן דעם חשבון וסך־הכל בנוגע צו זייער עבודה פון „ועשו לי מקדש", ביז אז ממנה אורה יוצאה לכל העולם[106] — מ'פועל'ט בכל העולם כולו (דורך משפיע זיין ביז אויך אויף אוה"ע בנוגע צו די שבע מצוות בני נח[107]).

יד. ס'איז פארשטאנדיק אז דאס איז ספעציעל נוגע בענין שהזמן גרמא — שטייענדיק אין חודש אדר שני, בתוך השבועיים פאר פורים — אז מ'זאל מאכן די אלע פאסיקע הכנות צו פורים, כולל — לערנען די הלכות פורים, און אויך — די דרושי פורים (בתורת החסי־דות), ובאופן של הבנה והשגה (כנ"ל), ביז אליבא דנפשי', אז דאס זאל פועל'ן אויף דעם לומד ביז אין מעשה בפועל.

און אויך — די השתדלות בנוגע צו אנדערע: זען אז יעדער איד ביז בכל

---

והשגה, נעשים קמטים (קנייטשן) במוח הגשמי, ועי"ז נתגדל ונתרחב שטח מוח הגשמי, ומאפשר לו להשיג מושכלות עמוקות יותר כו'.

103) ובפרט שע"י המנין (פקודי) משתווים כל הנמנים, שכל א' מהם נמנה כאחד, לא פחות ולא יותר (ע"ד העשיר לא ירבה והדל לא ימעיט).

104) ולהעיר ששבת זו (בין פ' שקלים ופ' זכור) נקראת „שבת הפסקה" (ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך ארבע פרשיות בסופו. ושי"נ). וראה שיחת ש"פ תרומה תש"מ.

105) ומובן, שלאחרי זה שגילויים אלו נתפסים בפנימיות, ישנם דרגות נעלות יותר שהן בבחי' מקיף, וכן למעלה מעלה (ראה לקו"ת ואתחנן ד"ה וידעת (הא') וביאוריו).

106) ראה רש"י (כת"י) מנחות פו, ב.

107) ראה רמב"ם הל' מלכים ספ"ח.

קצוי תבל (בגשמיות אָדער ברוחניות) זאָל האָבן כל צרכי החג און מקיים זיין אַלע מצוות פון פורים: מקרא מגילה, משלוח מנות איש לרעהו, מתנות לאבּיונים, סעודת פורים, שמחת פורים וכו'.

און מענין לענין — איז דאָס אויך מעורר אויף דעם ענין הצדקה בכלל (וואָס דאָס איז דער תוכן פון כמה מצוות דפורים), אַז במשך חודש אדר במיוחד זאָל מען נאָכמער מוסיף זיין אין צדקה.

טו. ויהי רצון, אַז דורך די אַלע הוספות הנ"ל אין מעשינו ועבודתינו[108], זאָל מען שוין גלייך זוכה זיין צו „הוקם המשכן", ובנדו"ד — דער ביהמ"ק השלישי, צוזאַמען מיט דער גילוי פון משכן משה, און דער אומקערן פון דעם „מקדש (ראשון ושני) שנתמשכן בשני חורבנין" (כנרמז אין „המשכן משכן — שני פעמים")[109], ומשה ואהרן עמהם[110],

און מ'וועט לערנען „תורה חדשה מאתי תצא"[111] פון אוהל מועד, באופן של ראי'[112], און צוזאַמען דערמיט — בהבנה והשגה אין די פרטים וכו',

און מ'וועט עולה זיין, גיין — „מחיל אל חיל יראה אל אלקים בציון"[113].

און דאָס אַלעם — תיכף ומיד ממש, אַזוי אַז עס ווערט „מיסמך גאולה לגאולה"[114], אָבער אין אַ פאַרקערטן סדר: פריער קומט די גאולה האמיתית והשלימה, און (דאָס איז „מיסמך" צו) דערנאָך גאולת פורים תשמ"ט, אַז מ'פּראַוועט אַ פריילעכן און פייער'דיקן פורים, און דערנאָך — גאולת פסח, וכימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות[115], נפלאות אפילו בערך צו די נפלאות ביציאת מצרים[116].

ומתוך שמחה וטוב לבב, ושמחת עולם על ראשם[117].

---

108) ראה תניא רפל"ז.

109) פרש"י ריש פרשתנו.

110) ראה תוד"ה אחד — פסחים קיד, ב. יומא ה, ב.

111) ישעי' נד, א. ויק"ר פי"ג, ג.

112) ראה לקו"ת צו יז, א. ועוד.

113) תהלים פד, ח. וראה ברכות בסופה.

114) מגילה ו, סע"ב.

115) מיכה ז, טו.

116) אוה"ת עה"פ שם.

117) ישעי' לה, י. נא, יא.



## משיחות ש"פ ויקרא, פ' זכור, י"א אדר שני ה'תשמ"ט

א. שבת זו — שקביעותה בי"א באדר — היא התחלת ימי הפורים, כדאיתא במשנה[1] "מגילה נקראת בי"א בי"ב בי"ג בי"ד בט"ו", היינו, שהתחלת הזמן דקריאת המגילה הוא — י"א אדר[2].

וענין זה (החידוש שבקביעות שנה זו) הוא בהוספה על השייכות דשבת שלפני פורים לפורים בכל השנים:

א) "כל שיתא יומין מתברכין מיומא שביעאה"[3], שבו נאמר[4] "ויברך אלקים את יום השביעי גו'", היינו, שהמשכת הברכה דימי הפורים היא מיום השבת שלפניו.

ב) ועיקר: בשבת זו (שלפני פורים) קורין פ' זכור[5] כדי "לסמוך מחיית עמלק למחיית המן"[6] (שהמן הוא מזרעו של עמלק[7]), ובלשון הגמרא[8] "דלא תיקדום עשי' לזכירה", היינו, שבשבת שלפני פורים היא ה"זכירה" ובפורים היא ה"עשי'" דאותו ענין — מחיית עמלק.

ולכן, יש להתחיל בביאור ענין הפורים, כולל ובמיוחד — ביאור הלימוד וההוראה בעבודת האדם לקונו, שזהו התוכן הפנימי דקריאת המגילה (שתחילתה בי"א אדר), כתורת הבעש"ט[9] בפירוש מאמר המשנה[10] "הקורא את המגילה למפרע לא יצא", שאין לקרות את המגילה כסיפור שאירע בעבר ("למפרע"), כי אם, באופן ש"הימים האלה נזכרים ונעשים"[11], שע"י הזכרון נעשים (מחדש) כל עניני הפורים כבפעם הראשונה, היינו, שחי מחדש כל עניני המגילה בעבודתו לקונו.

וכן יש לבאר הלימוד וההוראה בעבודת האדם לקונו מקריאת פ' זכור, וכן ביאור הקשר והשייכות דפורים ופ' זכור לפרשת השבוע, כדלקמן.

ב. ענינו של פורים הוא — "קיימו מה שקיבלו כבר" (במתן־תורה)[12], היינו, שאז היתה עיקר ושלימות קבלת התורה, וטעם הדבר — כיון שבימי הפורים הי' מסירת־נפש, ש"מסרו[13] עצמן למות כל השנה כולה, ולא עלה להם מחשבת חוץ ח"ו"[14], ועי"ז נעשית שלימות הקבלה על קיום התומ"צ.

1) ריש מס' מגילה.

2) ראה בארוכה לקו"ש חכ"א ע' 197 ואילך, שהתחלת קריאת המגילה בי"א אינה שהאדם יוצא י"ח קריאת המגילה (ש"כל החודש כשר למקרא מגילה" (ירושלמי מגילה פ"א ה"א)). כי אם, שזהו התחלת הזמן דמקרא מגילה ממש. עיי"ש.

3) זח"ב סג, ב. פח, א.

4) בראשית ב, ג.

5) מגילה כט, סע"א — במשנה. רמב"ם הל' תפלה פי"ג ה"כ. טושו"ע או"ח סתרפ"ה ס"ב.

6) פרש"י שם (ד"ה ומפסיקין).

7) תרגום לאסתר ג, א.

8) שם ל, א.

9) כש"ט הוספות סע"ח. וש"נ.

10) מגילה רפ"ב.

11) אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בס' תיקון שובבים. הובא ונת' בס' לב דוד (להחיד"א) פכ"ט.

12) שבת פח, א.

13) תו"א מג"א צז, א. ועד"ז שם בהוספות קכ, ד. שערי אורה צ, ב. סה"מ עטר"ת ע' שו. תרפ"א ע' קצא. תש"ח ע' 118. הש"ת ע' 9. ועוד.

14) להעיר שהדיוק בלשון "ח"ו" (בנוגע לענין בלתי־רצוי) אינו רגיל (כ"כ) בדרושי חסידות [וי"ל הטעם — כיון שסומכים על התחלת התורה באות בי"ת, ר"ת ברכה (ראה לקו"ש חט"ו בתחלתו. וש"נ), שעי"ז נעשית גם שלילת הענינים הבלתי־רצויים

ועד"ז בימי הפורים בכל שנה ושנה — שמתחדש הענין ד"קיימו מה שקיבלו כבר", שלימות הקבלה דקיום התומ"צ בכל השנה כולה, ע"י התעוררות וגילוי נקודת היהדות, כח האמונה והמס"נ[15], שחודרת בכל פרטי העבודה דקיום התומ"צ.

וההכנה לזה — בקריאת פ' זכור, "זכור את אשר עשה לך עמלק", עד "לא תשכח"[16].

ענינו של עמלק — חוצפא שבהיפך מטעם ודעת, הניגוד והלעו"ז להתקשרות של בנ"י עם הקב"ה באופן שלמעלה מטעם ודעת[17], וההתחלה בזה היא — "אשר קרך בדרך"[18], שגם כאשר יהודי הולך כבר בדרך התורה[19], מנסה עמלק לקרר אותו, שעבודתו תהי' באופן של קרירות, "קרך" מלשון קרירות, ואח"כ נמשך ויורד למטה מזה — "קרך" מלשון מקרה, שלא יראה עניני השגחה פרטית כו'[20], ולאחרי זה יכול לפגוע ממש ח"ו באלה שהם במעמד ומצב ד"הנחשלים אחריך"[21].

ועז"נ "זכור את אשר עשה לך עמלק", "לא תשכח" — שעי"ז תהי' זהירות ושלילה בתכלית של "קרירות", כדי שלא יבוא למעמד ומצב ירוד כו', נוסף לכך שענין הקרירות כשלעצמו הוא היפך מציאותו של יהודי, כי, מציאותו של יהודי היא "אש", לקוחה מהקב"ה, שנאמר בו[22] "ה' אלקיך אש אוכלה", ועד"ז בנוגע לשלילת ענין ה"מקרה", שאצל יהודי מודגש ביותר הענין דהשגחה פרטית[23] — כמ"ש[24] "עיני ה' אל צדיקים" ("ועמך כולם צדיקים"[25]), השגחה בשתי עינים[26].

זאת ועוד:

הענין ד"זכור" ו"לא תשכח" הוא לא רק בנוגע לענין הבלתי־רצוי ד"עמלק", אלא גם[27] בנוגע לענין החיובי והרצוי, שצריך להיות חקוק בזכרונו של כאו"א מישראל — שההתקשרות של יהודי עם הקב"ה מתוך ביטול ומס"נ שלמעלה

---

כו'], ואעפ"כ, בענין זה — שלא עלה להם מחשבת חוץ — ממשיכים וה"ז, מדגישים הענין ד"ח"י", בכל המאמרים שבהם נזכר ענין זה.

15) להעיר, שבכל המגילה נקראים בנ"י בשם "יהודים", ע"ש ההודאה והביטול ומסירת נפשם לה' (ראה תו"א שם צז, א. קכא, ד. שערי אורה צג, א ואילך. ועוד).

16) ס"פ תצא (כה, יז־יט).

17) אוה"ת דרושי פ' זכור ע' א'תשפג.

18) שם יח, ובפרש"י.

19) כמו במאורע ד"ויבוא עמלק" בפעם הראשונה — בהיות בנ"י "בדרך", בעת הליכתם להר סיני לקבל התורה (מתוך תשוקה וגעגועים כו').

20) ולמטה מזה — מלשון מקרה וטומאה, כמ"ש בפירוש רש"י ריש פרשתנו: "לשון עראי וטומאה, כמ"ש ויקר אלקים אל בלעם" (וראה ויק"ר פ"א, יג). ולהעיר מהשייכות דעמלק לבלעם — כדאיתא במדרש (אסת"ר פ"ז, יג) "ויבוא עמלק, מהיכן בא, מאצל בלעם הרשע כו'" (ראה אוה"ת שם ע' א'תשפו). ולהעיר, ששם הפרשה ע"פ מנהג ישראל (תורה היא) הוא — "זכור" (ולא "זכירת עמלק"), (גם) ענין הזכרון כשלעצמו.

21) תצא שם.

22) ואתחנן ד, כד. וראה לקו"ת ר"פ אחרי. ובכ"מ.

23) ראה לקו"ש חי"ח ע' 166 ואילך. וש"נ.

24) תהלים לד, טז.

25) ישעי' ס, כא.

26) ראה לקו"ש וישלח תשמ"ז ס"ג. וש"נ.

27) להעיר ממארז"ל שהתורה "כללות ופרטות נאמרה" (ראה חגיגה ו, סע"א ואילך. וש"נ). ועד"ז בנדו"ד, שנוסף על הענין הפרטי שעליו נאמר "זכור גו'" (בנוגע לעמלק), ישנו גם הענין הכללי ד"זכור" — בנוגע לכל ענין הרצוי. כבפנים.

מטעם ודעת[28] צריכה להיות חקוקה בזכרונו תמיד[29], שלא יפול בזה ענין של שכחה ושינוי כלל („לא תשכח"), שעי"ז תהי' הנהגתו במשך כל היום כולו כדבעי, גם בעת עסקו בעניני הרשות, ועד גם בעת השינה[30] (ועד שבחלומו רואה עניני קדושה[31], ובמכ"ש וק"ו שאין אדם רואה אלא מהרהורי לבו[32], אפילו הרהור בלבד, ועאכו"כ ענין שחקוק בזכרונו תמיד).

וזהו שקריאת פ' זכור היא הכנה לפורים — שעי"ז שמבטל (קליפת) עמלק, ומעורר ומגלה את נקודת ה־יהדות, ההתקשרות להקב"ה שלמעלה מטעם ודעת, ונעשה חקוק בזכרונו תמיד, נעשה אצלו הענין ד„קיימו מה שקבלו כבר", שלימות הקבלה על קיום התומ"צ (כולל גם עבודתו בעניני הרשות, ש„כל מעשיך יהיו לשם שמים"[33] ו„בכל דרכיך דעהו"[34]) באופן מחודש ונמשך בכל השנה כולה.

ג. ויש להוסיף בביאור השייכות והקשר דפ' זכור (ביטול ענינו של עמלק) לי"א אדר, התחלת הזמן דקריאת המגילה, התוכן דימי הפורים:

על הפסוק[35] „כי יד על כס י־ה מלחמה לה' בעמלק" (בקרה"ת דפורים), שעליו דרשו חז"ל[36] „שאין שמו (של הקב"ה) שלם כו' עד שימחה שמו של עמלק" — מבואר בכ"מ[37] שעמלק מסתיר ומכסה על י־ה שבשם, „כס י־ה", כיסוי והעלם על י־ה, שלא יומשך ויתגלה בו־ה.

וענינו בעבודת האדם:

בכאו"א מישראל יש ד' אותיות הוי', כמ"ש[38] „כי חלק הוי' עמו", „חלק משם הוי' ב"ה, כדכתיב[39] ויפח באפיו נשמת חיים, ומאן דנפח מתוכי' נפח"[40], היינו, שנשמתו של כאו"א מישראל „חלק אלקה ממעל ממש"[41], חלק מן העצם, אשר, כשאתה תופס בחלקו אתה תופס בכולו[42], ולכן, יש בו (גם) ד' אותיות שם הוי', ונחלקות לב' סוגים — „הנסתרות להוי' אלקינו"[43], י־ה שבשם, שקאי על „דחילו ורחימו דבמוחא ולבא", ע"י ההתבוננות בגדלות ה' כו', „והנגלות לנו ולבנינו"[43], ו־ה נגלות, שקאי על העבו־דה בפועל בלימוד התורה וקיום המצוות[44].

28) שזוהי העצה לבטל קליפת עמלק — כמ"ש בהפטרה דפ' זכור ששמואל הוכיח את שאול באמרו „הנה שמוע מזבח טוב" (ש"א טו, כב), שצ"ל ענין הקב"ע שלמעלה מטו"ד (אוה"ת שם ע' א'תשעח).

29) להעיר גם מסיפור כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו (ראה ספר התולדות אדמו"ר מהוריי"צ ח"א ע' 14. וש"נ) אודות סדר חינוכו ע"י אביו כ"ק אדנ"ע, שמזמן לזמן הי' שואל אותו „וואָס געדענקסטו" (מה אתה זוכר), בעניני יהדות וקדושה שעוררו רושם עז בנפשו כו'. ולהעיר ממ"ש (האזינו לב, ז) „זכור ימות עולם גו' שאל אביך גו' זקניך גו'".

30) כמ"ש (תהלים סג, ז — בשיעור תהלים החדשי) „אם זכרתיך על יצועי" (ראה אוה"ת שם ע' א'תשצו).

31) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב שדמ, א. לקו"ש ח"ד ע' 1026 ובהנסמן בהערה 10 שם.

32) ראה ברכות נה, סע"ב.

33) אבות פ"ב מי"ב.

34) משלי ג, ו.

35) ס"פ בשלח.

36) פרש"י עה"פ. תנחומא ס"פ תצא. ועוד.

37) ראה לקו"ש חכ"א ע' 195. 205. וש"נ.

38) האזינו לב, ט.

39) בראשית ב, ז.

40) אגה"ת פ"ד.

41) תניא רפ"ב.

42) כש"ט הוספות סקט"ז. וש"נ.

43) נצבים כט, כח.

44) ראה אגה"ת שם בסוף הפרק. לקו"ת ר"פ ראה. שם כט, א. ובכ"מ.

ועניני של עמלק — מלשון „ומלק (את ראשו)"[45], להפריד בין הי"ה לו"ה, ש„הנסתרות", ההתבוננות בגדלות ה' שבמוח וההתעוררות דאהבת ה' ויראת ה' במדות שבלב, לא יומשכו ויחדרו ב„הנגלות", בעבודה בפועל.

וזהו"ע דמחיית עמלק בעבודת האדם — שיתגלה אצלו שם הוי' בשלימותו, שם שלם אחד, עי"ז שאין הפסק בין „הנסתרות" (י"ה) ל„הנגלות" (ו"ה), שה„נסתרות", הענינים הפנימיים והנסתרים נמשכים ובאים בגילוי בפועל ממש, ב„הנגלות".

וענין זה נרמז גם בזמן קריאת המגילה — מי"א עד ט"ו:

איתא בשל"ה[46] שי"א הוא „כמנין אותיות ו"ה מהשם", וט"ו הוא „כמנין י"ה". וזהו ש„מגילה נקראת בי"א כו' ובט"ו"[47] — לרמז שהשלימות דפורים („קיימו מה שקיבלו כבר") היא באופן שנקודת היהדות (כח האמונה והמס"נ שלמעלה מטו"ד) חודרת ומאירה הן בו"ה (י"א), בעבודה בפועל („הנגלות"), והן בי"ה (ט"ו), במוח ולב („הנסתרות"), ובסדר מסודר, מן הקל אל הכבד — תחילה י"א, ו"ה, עבודה בפועל, ואח"כ ט"ו, י"ה, מוח ולב[48].

ונמצא, שהתוכן דימי הפורים (והכנה שע"י קריאת פ' זכור) הוא — להמשיך ה„נסתרות" ב„הנגלות", כולל גם הדרגא הכי נעלית שב„נסתרות", עצם הנשמה, נקודת היהדות, אמונה ומס"נ שלמעלה מטו"ד (למעלה גם מה„נסתרות" שבמוח ולב, ההבנה וההשגה במוח והמדות שבלב), שגם דרגא זו ד„נסתרות" תאיר ותתגלה בעבודה בפועל.

ד. ויובן בתוספת ביאור — בהקדם ביאור העילוי דפורים לגבי מ"ת, שבמ"ת הי' רק התחלה („החלו לעשות"[49]), ועיקר ושלימות הקבלה דתומ"צ היתה בפורים:

לכאורה, איך יתכן שבזמן מ"ת, כשמעמדם ומצבם של בנ"י הי' בתכלית העילוי, לא הי' אלא התחלה בלבד, ואילו בפורים, כשמעמדם ומצבם של בנ"י הי' בתכלית השפלות, דוקא אז היתה עיקר ושלימות הקבלה דתומ"צ?!

והביאור בזה — שהיא הנותנת:

עיקר ושלימות הקבלה דתומ"צ היא — שקיום התומ"צ יהי' בתוקף בכל ישונה, היינו, שבאיזה מעמד ומצב שיהי' (לא רק במעמד ומצב של גילוי אלקות, אלא גם במעמד ומצב של העלם והסתר) יעמוד יהודי בכל התוקף בקיום התומ"צ, ע"י שמתגלה אצלו עצם הנשמה, שקשורה ומאוחדת עם הקב"ה בתוקף נצחי לעולם.

---

45) פרשתנו א, טו.

46) חלק תושב"כ שכט, א. של, ב. נת' באוה"ת מג"א (הוספות) ע' מב ואילך. ד"ה מגילה נקראת תרכ"ט.

47) להעיר מאוה"ת תצוה ע' א'תשנא, שהקריאה בט"ו היא בערים מוקפות חומה מימות יהושע בן נון, שעל ידו הי' הנצחון דמלחמת עמלק, עיי"ש.

48) ועפ"ז יומתק הטעם שמקדים „מגילה נקראת בי"א כו' ובט"ו" — אף שלכאורה הי' צריך להתחיל מהזמן העיקרי דקריאת המגילה, טו (וי"ד), ואח"כ להוסיף גם הזמנים שמקדימין הקריאה (כהסדר בהמשך המשנה — כרכין המוקפין חומה כו' קורין בט"ו, כפרים ועיירות גדולות קורין בי"ד, ואח"כ — ההקדמה לימי הכניסה). וראה גם לקו"ש חכ"א ע' 198 ואילך.

49) אסתר ט, כג. וראה תו"א מג"א צו, ג ואילך. ובכ"מ.

**וזהו החידוש דפורים לגבי מ"ת — שבו נתגלתה ההתקשרות של ישראל עם הקב"ה שמצד עצם הנשמה:**

**במתן תורה, כשבנ"י היו במעמד ומצב דתכלית העילוי, שהאור האלקי הי' אצלם בגילוי, ועד ש"כפה עליהם הר כגגית"[12], שנתגלה אצלם בחי' אהבה רבה כו'[50] — היתה קבלת התורה (בעיקר) מצד** הגילוי מלמעלה[51], **ובמילא, אין זה חודר במציאותם לגמרי, כך, שלא יודעים עדיין כיצד תהי' הנהגתם במעמד ומצב כשהאור האלקי לא יהי' אצלם בגילוי כו':**

**משא"כ בפורים, כשבנ"י היו במעמד ומצב דתכלית השפלות, בחשכת הגלות, "בימי אחשורוש", ש"הושחרו פניהם של שונאי ישראל בימיו כשולי קדירה"[52], ולא האיר אצלם גילוי אור אלקי, כמארז"ל[53] "אסתר מן התורה מנין, דכתיב[54] ואנכי הסתר אסתיר פני ביום ההוא", ואעפ"כ עמדו בכל התוקף בקיום התומ"צ** בכח עצמם **— ה"ז גמר ושלימות הקבלה האמיתית דתומ"צ, "קיימו וקבלו היהודים", "קיימו מה שקבלו כבר", באופן שבטלה ה"מודעא רבה לאורייתא"[12], כיון שהקבלה היא בכח עצמם.**

**בסגנון אחר קצת: הקבלה במ"ת היתה בעיקר מצד** כחות הגלויים, **הבנה והשגה ורגש הלב כו', ואילו הקבלה דפורים היתה בעיקר מצד** עצם הנשמה, **כי, מפני ההעלם וההסתר דזמן ומצב הגלות היו הכחות הגלויים במעמד ומצב של העלם והסתר, ואז נתגלתה אצלם נקודת היהדות, עצם הנשמה, שלמעלה מכחות הגלויים, שמצד עצמה היא בבחי'** העלם שלמעלה מגילוי, **ועל ידה נעשית ההתקשרות עם הקב"ה ע"י קיום התומ"צ בתוקף נצחי בל ישונה לעולם.**

**ה. עפ"ז יש לבאר גם השייכות דפורים לגאולה האמיתית והשלימה[55] — כמרומז גם בלשון חז"ל[56] "מיסמך גאולה לגאולה":**

**תוכנה של הגאולה האמיתית והשלימה, הוא, שלימות הכוונה והתכלית דמ"ת, לעשות לו ית' דירה בתחתונים[57], ש"כבר הי' לעולמים מעין זה בשעת מתן תורה"[58], אלא, שאז הי' רק לפי שעה בלבד, ועיקר הגילוי והשלימות יהי' בגאולה האמיתית והשלימה — כי, במ"ת הי' ענין זה מצד הגילוי מלמעלה, ולעתיד לבוא יהי' ענין זה מצד התחתונים, ע"י עבודת המטה[59].**

**וכיון שעיקר הענין דעבודה בכח עצמו התחיל בפורים, לכן, מודגשת בפורים השייכות לגאולה האמיתית והשלימה.**

---

50) ראה תו"א שם צח, ד. ובכ"מ.

51) ועד כדי כך, ש"פרחה נשמתן", ומה שנתקיימה מציאותם ה"ז רק ע"י שהחזירה להן הקב"ה באופן נסי (שבת פח, ב. תניא ספמ"ו — שיעור יומי דעש"ק זה).

52) מגילה יא, א. אסת"ר בתחלתו.

53) חולין קלט, ב.

54) נצבים לא, יח.

55) להעיר ממארז"ל (ראה ירושלמי מגילה פ"א ה"ה. רמב"ם סוף הל' מגילה. ועוד) כל המועדים בטלים חוץ מפורים, שנאמר (אסתר ט, כח) וימי הפורים האלה לא יעברו מתוך היהודים וזכרם לא יסוף מזרעם — נתבאר בתו"א שם. ובכ"מ.

56) מגילה ו, סע"ב.

57) ראה תנחומא נשא טז. ועוד.

58) תניא פל"ו (מו, א) — שיעור היומי דעש"ק זה.

59) ראה המשך תער"ב ח"ב ע' תתקל ואילך.

בסגנון אחר קצת: במ"ת הי' גילוי אלקות בעולם, כמ"ש[60] „וכל העם רואים את הקולות גו'", „מסתכלים למזרח ושומעים את הדיבור יוצא אנכי כו', וכן לארבע רוחות"[61], וכמארז"ל[62] „שור לא געה כו' אלא העולם שותק ומחריש": משא"כ בפורים הי' מעמד ומצב של העלם והסתר, „ואנכי הסתר אסתיר פני ביום ההוא", אבל, „הסתר" זה גם מורה על בחי' נעלית שלמעלה מגילוי „שאפילו בבחי' ביום ההוא הוא בבחי' הסתר והעלם, לפי ששרשה מבחי' סתימו דכל סתימין", ולעתיד לבוא תהי' בגילוי בעולם[63].

ועניין זה נעשה ע"י עבודתם של ישראל בחשכת הגלות „בימי אחשורוש", „שהושחרו פניהם כו'", ובמעמד ומצב ד„מפוזר ומפורד בין העמים"[64], שאז, מתגלית אצלם נקודת היהדות, עצם הנשמה, בחי' שלמעלה מגילוי (העלם למעליותא[65]*), ורואים שגם במעמד ומצב ד„מפוזר ומפורד בין העמים" ה"ה „עם אחד"[64], ע"י התקשרותם העצמית ל„ה' אחד", כולל גם שממשיכים ומגלים אחדותו של הקב"ה בעולם („גוי אחד בארץ"[66], שממשיכים אחדותו של הקב"ה גם בארץ התחתונה[67]) — שעי"ז מתגלה בכל העולם כולו מלכותו של הקב"ה, אחשורוש שלמעלה, שאחרית וראשית שלו[68], שנעשה „מושל בכיפה"[69], „מהודו ועד כוש שבע ועשרים ומאה מדינה"[70], כפשוטו ממש, באופן גלוי לכל העמים, כמ"ש „והיתה לה' המלוכה"[71], „ביום[72] ההוא יהי' ה' אחד ושמו[73] אחד"[74].

ו. ועפ"י האמור שפורים שייך לגאולה האמיתית והשלימה — יש לבאר גם (ע"ד הרמז) הטעם שכמה מהמצוות דפורים[75] מתחילים באות מ"ם, „מקרא

---

60) יתרו כ, טו.

61) תניא שם. וראה תקו"ז תכ"ב (סד, ב). תנחומא שמות כה. שמו"ר פ"ה, ט.

62) שמו"ר ספכ"ט.

63) תו"א מג"א צ, ד. ומבואר שם, שזהו מ"ש „ואמר ביום ההוא הנה אלקינו זה", שבחי' הוא, בחי' סתים, יהי' בבחי' זה שהוא בחי' התגלות כאילו הוא לנוכח (תו"א שם).

64) אסתר ג, ח.

65) וזהו גם ענין ה„שחרות" לאמיתתו („הושחרו פניהם כו'") — למעליותא*, שחרות והעלם שלמעלה מגילוי, ע"ש מ"ש „אל תראוני שאני שחרחורת ששזפתני השמש" („שמש ומגן ה' אלקים"), ועד"ז „שחורה אני ונאוה" — בחי' „ישת חושך סתרו", „מגלה עמוקות מני חושך" (ראה בארוכה לקו"ת ריש פרשתנו. שה"ש ד, ב ואילך. ובכ"מ). ולהעיר ממארז"ל (יומא כט, א) „מה שחר סוף כל הלילה אף אסתר סוף כל הנסים" — נתבאר בלקו"ש חט"ז ע' 359 ואילך. וש"נ.

66) ש"ב ז, כג. ועוד.

67) ראה אגה"ק רס"ט. ובכ"מ.

68) מדרש הובא במאו"א ע' א אות קפב.

69) מגילה יא, סע"א. וראה אסת"ר פ"א, ד־ה.

70) אסתר א, א.

71) עובדי' בסופו.

72) זכרי' יד, ט.

73) כולל גם — הענין דשמו שלם, עי"ז שימחה שמו של עמלק.

74) ובפרטיות יותר — שענין האחדות ד„שמו אחד" חודר בכל השמות. שבעה שמות שאינן נמחקים (שבועות לה, א. וש"נ). ועד לשבעים שמות (הובאו גם בבעה"ט בהעלותך יא, טז), ועד — בכל סדר ההשתלשלות.

75) המצוות העיקריות — שנתפרשו במגילה, ובהם מודגש יחודו של פורים לגבי שאר ימים טובים. משא"כ שאר המצוות דפורים (קריאת התורה, אמירת ועל הנסים, ואיסור הספד ותענית)

---

*) ואילו ה„שחרות" כפשוטה (קושי הגלות) — היא בתורה, ע"י היגיעה בשקו"ט כו', שזהו הלימוד באופן ד„במחשכים הושיבני" (ראה ד"ה אמר רבא חייב איניש לבסומי כו' תרפ"א פ"ו. תש"ח פי"א. ועוד).

מגילה", "משלוח מנות", "מתנות (לאב־יונים)"[76], משתה (ושמחה)[77].

ובהקדמה:

כללות ענין הגלות והגאולה נרמז באות מ"ם — כידוע[78] שמ"ם פתוחה מורה על הגלות, כמרומז בפסוק[79] "חומות ירושלים אשר הם פרוצים", מ"ם פתוחה בסוף התיבה, ומ"ם סתומה מורה על הגאולה, כמרומז בפסוק[80] "לםרבה המשרה ולשלום אין קץ", מ"ם סתומה באמצע התיבה.

וסתימת הפריצה דמ"ם פתוחה שתהי' מ"ם סתומה, "לםרבה המשרה", נעשית ע"י עבודתם של ישראל, עבודת המטה דוקא — כי, העולם כפי שנברא ע"י הקב"ה, ה"ה מסובב רק משלש רוחות, כמארז"ל[81] "עולם לאכסדרה הוא דומה ורוח צפונית אינה מסובבת", היינו, שיש בו נתינת מקום ל"פירצה", ענין של ירידה, עד לירידת הגלות כו'; וע"י עבודתם של ישראל, עבודת המטה, בכח עצמם, שעיקרה (כאמור) במעמד ומצב של העלם והסתר, ובמצב זה ממשיכים ומגלים האל"ף, אלופו של עולם, בתוך פירצת הגלות[82] — אזי נעשה העולם מסובב מכל ד' רוחותיו, באופן שנשללת האפשרות של "פירצה", "לםרבה ה־משרה ולשלום אין קץ", גאולה שאין אחרי' גלות ע"י מלכא משיחא[83].

וע"פ האמור שעיקר הענין דעבודת המטה התחדש בפורים, שאז היתה הקבלה בכח עצמם, ולא מצד הגילוי מלמעלה — מובן, שענינה של אות מ"ם (סתימת הפירצה דמ"ם פתוחה[84] לע־שותה מ"ם סתומה ע"י עבודת המטה) שייך בעיקר לפורים[85], וי"ל שענין זה נרמז גם בכך שכמה מהמצוות דפורים מתחילות באות מ"ם[86].

---

— שלא נתפרשו במגילה, וישנם גם בשאר ימים טובים.

76) להעיר, שהעיקר הוא תיבת "מתנות" (שמתחילה במ"ם), ובפרט להיותו "אביון" ש"תאב לכל דבר" (פרש"י משפטים כג, ו), הרי בודאי שהעיקר הוא ה"מתנות".

77) להעיר, שהעיקר הוא תיבת "משתה" (שמתחילה במ"ם), כי, גם ה"שמחה" צריכה להיות באופן של "משתה" דוקא.

78) ראה ספר הערכים חב"ד ערך אותיות התורה אות מ"ם (ב) ס"ז (ס"ע רב ואילך). וש"נ.

79) נחמי' ב, יג.

80) ישעי' ט, ו.

81) ב"ב כה, סע"א ואילך. וראה פרדר"א פ"ג.

82) ע"ד המשכת האל"ף באמצע תיבת "גולה" שעי"ז מהפכים מ"גולה" ל"גאולה" (ראה לקו"ת בהעלותך לה, ג. ובכ"מ).

83) להעיר, שא' השמות של משיח הוא "מנחם" (סנהדרין צח, ב) — שמתחיל במ"ם פתוחה ומסיים במ"ם סתומה.

84) כלומר, לא רק אפשרות למצב בלתי־רצוי — הפירצה שמצד הבריאה, כי אם, פירצה דמצב בלתי־רצוי ממש, ירידת הגלות.

85) אף שגם מ"ת שייך ל(אות)מ"ם, שהרי התורה ניתנה לארבעים יום — כי, המ"ם יום דמ"ת הם בדוגמת מ"ם פתוחה (כיון שהעיקר הוא הגילוי מלמעלה*) לגבי המ"ם דפורים, כש"קיימו מה שקיבלו כבר" בכח עצמם, בדוגמת החידוש דמ"ם סתומה.

86) להעיר, שגם בשמו של "המן" (וכן בשמו של "עמלק") יש אות מ"ם — מ"ם דלעו"ז, והתיקון לזה — ע"י מרדכי, שמתחיל במ"ם, מ"ם דקדושה.

---

*) ואולי י"ל דבכללות — ה"ז החילוק שבין לוחות (דכולן ניתנו למ' יום) ראשונות ללוחות שניות, שניתנו לאחרי הקדמת התשובה, עבודת המטה, ונמצא, שמ"ם יום דלוחות ראשונות הם בדוגמת מ"ם פתוחה ומ"ם יום דלוחות שניות הם בדוגמת מ"ם סתומה (ראה הדרן על הש"ס תשמ"ט (נדפס לקמן ח"ב — בהוספות) בסופו). אבל בפרטיות — הרי, גם נתינת לוחות שניות היתה באופן של גילוי מלמעלה, שלכן, עיקר הענין ד"קיימו מה שקבלו כבר" בכח עצמם הי' בפורים דוקא.

